מ. מיש.

# געאגראפיע

## פון

# ארץ־ישראל

(מיט א מאפּע).

פערלאג בוימקאלער און מיהלשטיין.

ווארשא 1919.

# GEOGRAFJA PALESTYNY.

ułożył M. MYSZ.

Wydawnictwo Baumkolera i Milsztejna.

WARSZAWA 1919.

# פֿאָרוואָרט.

---

שוין אַ לענגערע צייט האָט זיך דאָ אין פּוילען געפיהלט אויף דער יודישער גאַס אַ שטאַרקער מאַנגעל אין אַ בוך וועגען דער געאָגראַפיע פון ארץ-ישראל. דאַן, ווען פאַר דער מלחמה האָט מען נאָך געקאָנט האָבען געוויסע לעבעדיגע ידיעות פון ארץ-ישראל און ביכער אין פערשידענע שפּראַכען וועגען דעם לאַנד פון אונזער צוקונפט, איז פון דער צייט פון דער אָקופּאַציע אויף דאָס געוואָרען אונמעגליך. דער אינטערעס צו ארץ-ישראל איז אָבער אין דער צייט זעהר געוואַקסען צווישען די ברייטע יודישע מאַסען. עס פיהלט זיך יעצט נישט נור אַ נויטווענדיגקייט אין אַ בוך, וואָס זאָל געבען מעהר-וועניג אַ פאָלקאָמען בעגריף וועגען ארץ-ישראל, נאָר אויך אַ יודיש בוך — געשריבען אין דער שפּראַך, וואָס איז פערשטענדיג פאַר מעגליך ברייטערע יודישע קרייזען. אַזאַ „געאָגראַפיע“ פון ארץ-ישראל האָב איך זיך בעמיהט צו געבען מיט מיין בוך.

ביים צוזאַמענשטעלען פון דער דאָזיגער „געאָגראַפיע“ איז מיר אויסגעקומען בייצוקומען פיעל שוועריגקייטען. נאָך ביז יעצט עקזיסטירט נישט קיין יודישע געאָגראַפיע פון ארץ-ישראל, די העברעאישע געאָגראַפיעס זענען זעהר קורץ און גיבען נישט קיין פאָלקאָמען בעגריף פון דעם לאַנד. איך האָב געמוזט בענוצען זיך מיט רוסישע און דייטשע ביכער, אויפ'ן ערשטען פּלאַן מיט

„Современная Палестина“ Белькиндъ 1903.

„Palästina-Handbuch" D. Trietsch 1912.
„Die jüdische Kolonisation Palästinas"
Dr. C. Nawratzki 1914.
„Syrien als Wirtschaftsgebiet" 1917.
„Еврейская Энциклопедія"
„Volks und Landeskunde Palästinas" G. Hölscher.
און איינִיגע אַנדערע ביכער און פּעריאָדישע שריפטען, די אַלע מאַטעריאַלען זענען אָבער נאָך נישט געווען גענוג צום צוזאַמענשטעלען אַ גוטע און ריכטיגע ארץ-ישראל - געאָגראַפיע.

פיעל שוועריגקייטען קומען אויך אַרויס דערפון, וואָס די אַלטע העברעאישע נעמען פון פערשידענע שטעדט און ערטער אין ארץ-ישראל זענען יעצט געענדערט אויף אַראַבישע נעמען, אָפטמאָל אינגאַנצען נישט ענהליכע צו די אַמאָליגע. אין מיין „געאָגראַפיע" האָב איך זיך בעמיהט בעצייכנען די ערטער מיט יודישע נעמען, אָנווייזענדיג דערביי אויך זייערע יעצטיגע אַראַבישע נעמען.—צוליעב די אַלע שוועריגקייטען איז זעהר מעגליך, אַז עס זענען, נישט קוקענדיג אויף אַלע מיינע בעמיהונגען, אַריינגעפאַלען פערשידענע פעהלערען און נישט פינקטליכקייטען. איך בעט דעריבער די אַלע, וועלכע קענען מיר אויף זיי אָנווייזען זאָלען עס טהון; איך בעט אויך אָנווייזען מיר אויף דעם, וואָס איך האָב דורכגעלאָזען אין מיין בוך און וואָס אינטערעסירט די ברייטע מאַסען פון אונזערע לעזער.

וואַרשאָ, מערץ, 1919.

## I. די לאַגע, גרעניצען און ברעג-ליניע.

**§ 1.** ארץ-ישראל ליגט אין פֿאָדער-אַזיען צווישען דעם $30^0$-$33^030$ צפֿון-ברייט און $34^0$-$37^0$ מזרח-לענג (פֿון גריני-וויטש). דאָס איז פֿערהעלטניסמעסיג נישט קיין גרויס לאַנד אויפ׳ן מזרח-ברעג פֿון מיטעללענדישען ים (ים התיכון). אין געאָגראַפֿישער הינזיכט בילדעט עס דעם דרום-טייל פֿון סיריען. קיין נאַטירליכע גרעניץ צווישען ארץ-ישראל און צפֿון-סיריען עקזיסטירט נישט, און דערפֿאַר קען מען נישט גענוי אָנצייכנען די צפֿון-גרעניצען פֿון ארץ-ישראל. אין דוד׳ס צייטען האָט זיך די צפֿון-גרעניץ געצויגען צו צפֿון פֿון אַרם-צובה (יעצט — אַלעפּאָ), ד. ה. ארץ-ישראל האָט דאַן אַרומגענומען כמעט גאַנץ סיריען; אין שלמה׳ס צייטען האָט זיך די גרעניץ גערוקט אַ סך צו דרום, ביז דער שטאָדט תּפֿסח; אין שפּעטערדיגע צייטען האָט זיך די צפֿון-גרעניץ נאָך ווייטער גערוקט צו דרום. יעצט ווערט אַלס צפֿון-גרעניץ פֿון ארץ-ישראל בעצייכענט די ליניע, וואָס געהט פֿון דער שטאָדט צידון צו מזרח ביז צו דרום פֿון דער שטאָדט דמשק. אויך די מזרח-און דרום-גרעניצען פֿון ארץ-ישראל, קען מען נישט גענוי בעצייכנען. אין מזרח ליגט דער מדבר פֿון סיריען, אין דרום — דער מדבר פּארן. אין דרום-מערב ציהט זיך די גרעניץ פֿון דעם אויסגוס פֿון רויטען ים—עקבה לענג-אויס דעם טאָל וואַדי על אַריש (נחל מצרים) ביז צו דעם מיטעללענדישען ים. די מערב-גרעניץ בילדעט דער מיטעללענדישער ים. אין די אָנגעוויזענע גרעניצען פֿערנעהמט ארץ-ישראל אונגעפֿעהר 37000 קוואַדראַט קילאָמעטער, האָבענדיג ביז 300 קיל. אין דער לענג און ביז 120 קיל. אין דער ברייט (קרוין-פּוילען—123500 קוו. קיל. בעלגיען—29000 קוו. קיל. האָלאַנד — 33,000 קוו. קיל.).

אין איהר גאַנצער לענג גרעניצט ארץ-ישראל מיט דעם ים. די ברעג-ליניע איז דאָ איבערהויפּט אַ גלייכע, נור אין

איין אָרט בּילדעט דער ים אַ גרעסערען אויסגוס (צווישען חיפה און עכו). כמעט דער גאַנצער ברעג איז אַ נידריגער און פלאַ-כער. אין פיעל ערטער געפינען זיך אונטערוואַסער - פעלזען, וועלכע שטעלען פאָר אַ גרויס געפאַהר פאַר די שיפען. נור אין צפון-טייל טרעטען-צו די בערג פון גליל ביז צו די וואַ-סערן פון ים און בילדען אַ הויכען ברעג. אַ הויכען ברעג ביל-דען אויך די בערג פון כרמל.

## II. דער אונטערבּאָדען און זיין געאָלאָגישער געבוי.

§ 2. ארץ-ישראל פערנעהמט דעם דרום-טייל פון דער בערג-קייט, וואָס ציהט זיך פון קליין-אַזיאַטישען האַלב-אינזעל ביז צום אויסגוס עקבה. דאָס גאַנצע לאַנד איז אַ מאָל געווען דער גרונד פון ים. פון יענע צייטען זענען נאָך ביז איצט געבליבען שיכטען פון זאַמד-שטיין (צום מזרח פון ים המלח) און קאַלך-שטיין. נאָך אַ לאַנגען קאָנטינענטאַלען פעריאָד איז ארץ-ישראל ווידער פערגאָסען געוואָרען אויף טויזענדער יאָה-רען דורך די וואַסערן פון ים. דער ים האָט דאַן פערדעקט דעם גאַנצען שטח פון מדבר לוב (ליביען—אין צפון-אַפריקאַ) ביז צום צפון-טייל פון לבנון. פון דעם דאָזיגען פעריאָד זענען איבערגעבליבען די דיקע שיכטען פון זאַמד- און קאַלך-שטיין, דאָלאָמיט און מערגעל, פון וועלכע ס׳זענען געבויט די בערג פון ארץ-ישראל.

צוליעב פערשידענע געאָלאָגישע סבות איז דער ים ווי-דער אָבגעטרעטען און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ נייער לאַנגער קאָנטינענטאַלער פעריאָד. די אויבערפלעכע פון לאַנד האָט דאַן וואַרשיינליך אויסגעזעהן, ווי אַ ברייטע פלאַ-קייט. אין דעם דאָזיגען פעריאָד איז געשעהען אַ שרעקליכע געאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט אינגאַנצען געענדערט די אויבערפלעכע פון סיריען און געגעבען איהר דעם היינטיגען אויסזעהן. אונטער דעם דרוק פון פערשידענע אונטערערדישע כחות איז געבילדעט געוואָרען לענג-אויס פון גאַנץ סיריען אַ טיעפער שפּאַלט, וועלכער פאַלט אין זיין דרום-טייל אַראָב אויף 793 מעטער נידריגער פון דער ים-אויבערפלעכע. פון צפון און

פון דרום איז דער שפּאַלט דורכגעשניטען מיט הויכע בערג אַזוי, אַז די וואַסערן פון ים זענען קיינמאָל נישט אַריבער אין דעם שפּאַלט אַריין. די שטאַרקע רעגענס פון יענער צייט האָבען פערפילט דעם גאַנצען שפּאַלט מיט רעגענוואַסער און עס האָט זיך אַזוי אַרום געבילדעט אַ גרויסע אינערליכע אָזיערע. מיט דער צייט האָבען די וואַסערן פון דער אָזיערע אויסגעטריקענט און ביז יעצט זענען פון איהר געבליבען נאָר 3 קלענערע וואַסער-טיילען: מי מרום, ים כנרת און ים המלח. דער לעצטער ליגט זעהר טיף, אויף 394 מעטער נידריגער פון דער ים-אויבערפלעכע און ענטהאַלט אין זיך זעהר פיעל פערשידענע זאַלצען, וועלכע האָבען זיך דאָרט צוזאַמענגעקליבען פון אַלע טיילען פון דער אַמאָליגער גרויסער אָזיערע.

אין יענער צייט זענען אויך געבילדעט געוואָרען די בערג-קייטען פון מערב-און מזרח-ארץ-ישראל. אין דעם גאַנצען לאַנד, הויפּטזעכליך אין זיין צפון-מזרח-טייל, זענען טעטיג געוועז פיעל וואולקאַנען. געוואַלדיגע מאַסען פון באַזאַלט האָבען דאַן פערגאָסען די פלעכע פון חרון און געבילדעט די יעצטיגע ברייטע לאַווע-פעלדער; באַזאַלט-פעלזען האָבען בעדעקט דעם גולן און דעם טאָל יזרעאל. פיעל פון זיי זענען אונטער דער ווירקונג פון רעגען און הויכע טעמפּעראַטור צושאָטען געוואָרען און געבילדעט אַ זעהר פרוכטבאַרען באָדען. יעצט זענען די וואולקאַנען נישט טעטיג. די אונטערערדישע טעטיגקייט דריקט זיך אויס אין ערד-ציטערנישען און אין פיעל הייסע קוואַלען. די לעצטע צוטיילען זיך אין 3 גרופּען. די ערשטע גרופּע ליגט נעבען טבריה (+62°*), די צווייטע צו מזרח פון ים כנרת אין טאָל פון ירמוק (34°—44°) און די דריטע צו מזרח פון ים המלך נעבען זערטא—מעין (+62,8°). כמעט די אַלע קוואַלען ענטהאַלטען אַ סך שוועבעל. די ערד-ציטערנישען האָבען אויך געווירקט אויף דעם אויסזעהן פון דער אויבערפלעכע. זיי קומען פאָר אויך ביז דער לעצטער צייט, זענען אָבער מייסטענס זעהר שוואַך (אין יאָהר 1891, 1900, 1903). די לעצטע שטאַרקע ערד-ציטערניש, פון וועלכער ס'האָט שטאַרק געליטען

---

*) די גראַדען זענען אָנגעגעבען לויט צעלזיוס.

דער צפון-גליל, איז פֿאָרגעקומען אין יאָהר 1837.

די נידערפֿלעכע ביים ים איז געבילדעט געוואָרען אַם שפּעטסטען. אַ לענגערע צייט האָבען די וואַסערן פֿון ים דערגרייכט ביז צו די בערג פֿון מערב-ארץ-ישראל. אין משך פֿון טויזענדער יאָהרען האָבען זיך אָבגעלייגט מאַסען פֿון פֿערשידענע מושעל-שטיינער, וועלכע בילדען יעצט דעם אונטערבאָדען פֿון דער נידערפֿלעכע. איבער זיי איז דורך דעם ים און פֿיעל בערג-טייכלעך אָנגעשאָטען געוואָרען אַ דיקער שיכט פֿון זאַמד אזוי, אַז די נידערפֿלעכע האָט זיך שטופּענוויז אַרויסגערוקט פֿון ים. אונטער דער ווירקונג פֿון מאַסען רעגענוואַסער איז געבילדעט געוואָרען דאָס קליינבערגיגע לאַנד צום מזרח פֿון דער נידערפֿלעכע ביים ים. די טייכלעך האָבען אויסגעגראָבען טיעפֿע גרובענס אין די ווייכע קאַלך-בערג און האָבען געבילדעט פֿיעל הוילען. אַ גרויסע צאָהל הוילען געפֿינען זיך אין יהודה און שמרון, פֿון וועלכע אייניגע זענען זעהר לאַנג און גרויס.

## III. די איבערפֿלעכע.

§ 3. ארץ-ישראל איז אַ באַרגלאַנד. אין דער גאַנצער לענג איז דאָס לאַנד דורכגעשניטען דורך אַ טיעפֿעןברייטען שפּאַלט, וועלכער הויבט זיך אָן אין סיריען און צוטיילט עס אויף 2 טיילען: מערב-טייל און מזרח-טייל. אין די גרעניצען פֿון ארץ-ישראל דערגרייכט דער שפּאַלט זיין גרעסטע טיעפֿקייט (ביז 793—*מעטער) און טראָגט דעם נאָמען ירדן-טאָל. דער מערב-טייל פֿון ארץ-ישראל איז דורכגעשניטען דורך פֿיעל בערג און טאָלען; די מזרח- און דרום-טיילען זענען פֿלאַכע הויכקייטען, אין אייניגע טיילען פֿון וועלכע עס הויבען זיך אויף הויכע בערג. דורך פֿערשידענע טאָלען ווערט גאַנץ ארץ-ישראל לויט דער אויבערפֿלעכע צוטיילט אויף 5 טיילען: 1) די נידערפֿלעכע ביים ים התיכון; 2) דאָס באַרגלאַנד פֿון מערב-ארץ-ישראל; 3) דער ירדן-טאָל; 4) דאָס הויכלאַנד פֿון מזרח-ארץ-ישראל; 5) דאָס הויכלאַנד פֿון דרום-ארץ-ישראל.

*) דער צייכען—בעדייטעט אונטער דער אויבערפֿלעכע פֿון ים. און + איבער דער אויבערפֿלעכע פֿון ים.

## 1. די נידערפּלעכע בײם ים התיכון.

§ 4. לענג-אויס פֿון גאַנץ ארץ-ישראל אויף דעם ברעג
פֿון מיטעללענדישען ים ציהט זיך אַ ברייטע נידערפּלעכע. זי
הויבט זיך אָן בײ דער שטאָדט צידון, איז אָבער דאָרט נאָך
זעהר שמאָל. דער טייל פֿון דער נידערפּלעכע איז זעהר פֿרוכט-
באַר. דאָ, אין דער אומגעגענד פֿון דער שטאָדט צור געפֿינען
זיך פֿיעל שענע פּלאַנטאַציעס און גערטנער. נאָר די ברעגעס
פֿון ים זענען בעדעקט מיט אונפֿרוכטבאַרע זאַמדיגע בערג
(דיונען). צו דרום פֿון צור פֿון ראש לבן ביז ראַס על נאַקוראַ
(סולמא דצור) בילדען די בערג פֿון גליל אַ הויכען ברעג און
רייסען איבער די נידערפּלעכע. צו דרום פֿון נאַקוראַ פֿערברײ-
טערט זיך די לעצטע צווישען די שטעדט עכו און חיפה. דער
טייל פֿון דער נידערפּלעכע טראָגט דעם נאָמען, דער טאָל פֿון
עכו. ער איז אויך זעהר פֿרוכטבאַר, אַם מײנסטען אין זײן
דרום-טייל, בײ די בערג פֿון כרמל. אויך דאָ זענען די ברע-
געס בעדעקט מיט דיונען. אויף מזרח טיילט אָב אַ רײהע
קלײנע בערג דעם טאָל עכו פֿון דעם טאָל יזרעאל. צו דרום
פֿון כרמל פֿערברײטערט זיך די נידערפּלעכע אַלץ מעהר און
מעהר און ציהט זיך אַלס ברייטער פּאַס ביז צו די דרום-גרע-
ניצען פֿון ארץ-ישראל. דורך דעם טײך ירקון ווערט דער טייל
פֿון דער נידערפּלעכע צוטײלט אויף 2 טײלען: דער טאָל פֿון
שרון (עמק השרון) און דער טאָל שפלה (עמק השפלה). דער
שרון איז זעהר פֿרוכטבאַר. אין פֿריהלינג ווערט ער בעדעקט
מיט פֿיעל שענע בלומען, אין פֿערשידענע ערטער אויף די
בערגלעך דערהויבען זיך שענע דעמבע-וועלדער. פֿון אָנהויב
איז דער טאָל שמאָל און דורכגעשניטען דורך נידריגע שטײ-
נער-בערג. צו דרום פֿון דער שטאָדט דאר (טאַנטוראַ) פֿער-
ברײטערט זיך דער טאָל. דאָ הויבען זיך אָן די דיונען, וועל-
כע ציהען זיך אַלס לאַנגע קייט ביז צו דער דרום-גרעניץ פֿון
ארץ-ישראל. דער עמק השפלה איז אויך זעהר פֿרוכטבאַר; אין
פֿיעל ערטער איז ער גוט בעאַרבײט און בעדעקט מיט שענע
פֿעלדער און גערטנער. דאַ געפֿינען זיך פֿיעל יודישע קאָ-

לאָניעס. אין דעם מזרח - טייל פֿון טאָל דערהויבען זיך פֿיעל נידריגע בערג-קייטען, וועלכע בילדען דעם איבערגאַנג פֿון די בערג פֿון יהודה צו דער נידערפֿלעכע ביים ים; אין פֿיעל ער-טער פֿון טאָל טרעפֿען זיך אין גרעסערע מענגען סיקאָמאָרען (מוילבערפֿייגענבוימער—שקמים), וועלכע האָבען אַמאָל בעדעקט גרויסע שטחים, און וועלכע ברענגען נאָך יעצט מיט זייערע פֿרוכטען אַ גרויסען נוצען דער בעפֿעלקערונג. די דיונען, וועל-כע ציהען זיך לענג-אויס דעם גאַנצען ים-ברעג, ברענגען אַ גרויסען שאָדען דעם לאַנד: זיי פֿערהאַלטען די וואַסערן פֿון די פֿיעל טייכלעך און וואַדיס. לאָזען זיי נישט אַריינגיסען זיך אין ים דורכוואָס עס בילדען זיך שעדליכע אונגעזונדטע זומפּען, וואו עס הערשט די מאַליאַר׳ער (פֿיבער). שוין אין אַלטער-טום האָט מען שטאַרק געקעמפּט דערמיט און גערייניגט די אויסגאַנגען פֿון די טייכען; אין פֿערלויף אָבער פֿון טויזענדער יאָהרען איז דאָס לאַנד געווען אינגאַנצען פֿערלאָזען און דער-פֿאַר טרעפֿען זיך יעצט אין דער נידערפֿלעכע זעהר אָפֿט זומ-פּיגע געגענדען. נאָר לעצטענס איז מען ווידער צוגעטרעטען צום אויסטריקענען די זומפּען דורך דורכפֿיהרען קאַנאַלען און פֿלאַנצען אייקאַליפּטוס-בוימער. די לעצטע זויגען אויס פֿון דעם באָדען פֿיעל פֿייכטקייט און טריקענען איהם אַזוי ארום אויס.

---

## 2 דאָס בערגלאַנד פֿון מערב-ארץ-ישראל.

§ 5. דאָס גאַנצע לאַנד צו מזרח פֿון דער נידערפֿלעכע ביז צום ירדן-טאָל איז אויסגעפֿילט מיט הויכע בערג און טיע-פֿע ברייטע טאָלען. די בערג בילדען דעם ווייטערדיגען לויף פֿון די בערג פֿון סיריען. פֿון אָנהויב זענען זיי זעהר הויך, נאָר וואָס ווייטער צו דרום ווערען זיי אַלץ נידריגער און אין שמרון דערגרייכען זיי בלויז ביז 600 + מעטר. ווייטער צו דרום ווערען די בערג ווידער העכער און אין יהודה דערהוי-בען זיי זיך ביז איבער 1000+מעטר; צו דרום פֿון יהודה דערנידריגען זיך שוין די בערג און לאָזען זיך אַראָב צום רויטען ים. אין מערב געהען די בערג שטופֿענווייז איבער אין

*) וואַדי—אַטייכעל, וואָס בילדעט זיך אין רעגען-צייט און טריקענט אויס אום זומער.

דער נידערפֿלעכע, אין מזרח אָבער לאָזען זיי זיך כמעט או-מעטום שטייף אַראָב אין דעם ירדן-טאָל. די וואַסער-ליניע ציהט זיך אין דער לענג פֿון צפֿון קיין דרום נעהנטער צום ירדן-טאָל. דערפֿאַר זענען אַלע טאָלען פֿון מזרח-טייל קורץ און טיעף און פֿון מערב לאַנג און פֿלאַך. דורך די טאָלען ווערט דאָס גאַנצע באַרגלאַנד פֿון מערב-ארץ-ישראל צוטיילט אויף 5 טיילען: 1) די בערג פֿון לבנון; 2) די בערג פֿון גליל; 3) דער טאָל יזרעאל; 4) די בערג פֿון אפֿרים; 5) די בערג פֿון יהודה.

---

## א) די בערג פֿון לְבָנוֹן.

§ 6. די בערג פֿון לבנון פֿערנעמען דעם מיטעל-טייל פֿון סיריען. אין די גרעניצען פֿון ארץ-ישראל ליעגט נאָר זייער דרום-טייל. דער טייל פֿון לבנון איז דער נידריגסטער, אָבער אויך דאָ דערגרייכען איינציגע בערג-שפּיצען ביז 1800+ מעטר. די בערג זענען אין פֿערשידענע ריכטונגען, הויפּטזעכליך אין מערב, דורכגעשניטען דורך טיעפֿע ברייטע און שענע טאָלען. אין פֿערשידענע ערטער זענען די בערג בעדעקט דורך רייכע פּלאַנטאַציעס און שענע גערטנער. אין דעם גרעסטען טייל אָבער זענען זיי אינגאַנצען וויסט און נאַקעט. פֿון די אַמאָליגע פּרעכטיגע צעדערען-וועלדער, מיט וועלכע דער לבנון איז אין אַלטערטום בעריהמט געווען, זענען געבליבען נאָר איינצעלנע גרופּען בוימער, וועלכע ווערען אָבגעהיט דורך דער רעגירונג, אַלס אַלטערטימליכקייט. צוליעב דער הויך פֿון די בערג איז דאָרט מעגליך די קולטור פֿון געוויקסען פֿון פֿערשידענער געאָגראַפֿישער ברייט. די אַראַבער זאָגען, אַז דער לבנון טראָגט אויף זיין קאָפּ דעם ווינטער, אויף די אַקסלען דעם פֿריהלינג, ביים גאַרטעל דעם הערבסט און ביי די פֿיס דעם אייביגען זומער. אין אַלגעמיין ווערט דער לבנון נידריגער צו מערב וואו ער לאָזט זיך טעראַסען-ווייז אַראָב צום מיטעל-לענדישען ים. אין מזרח-טייל בילדעט ער דעם הויכען ברעג פֿון טייך ליטאַניאַ. אין זיין אונטערשטען לויף פֿערקעהרט זיך

דער טייך ליטאַניאַ צו מערב און בילדעט אונטער דעם נאָמען קאַסמיאַ די דרום-גרעניץ פֿון לבנון.

---

## ב) די בערג פֿון גליל.

§ 7. צו דרום פֿון דעם טייך ליטאַניאַ (קאַסמיאַ) ציהט זיך אַ בירגיגע געגענד, וועלכע בילדעט אַזוי ווי אַ פֿאָרטזעצונג פֿון די לבנון-בערג, דאָס זענען די בערג פֿון גליל. וואָס ווייטער צו דרום ווערען זיי אַלץ נידריגער און געהען אין דרום איבער אין אַ נידערפֿלעכע. אויך צו מערב לאָזען זיי זיך שטופּענווייז אַראָב צו דער נידערפֿלעכע ביים ים. נאָר אין איין אָרט (צווישען ראש לכן און סולמא דצור) טרעטען די בערג צו צום ים און בילדען אַ הויכען ברעג. כמעט איבעראַל זענען די בערג פֿון גליל בעדעקט מיט קליינע וועלדער און קזשאַקעס. די זייטען פֿון די בערג און די טאָלען זענען בעדעקט מיט אַ פֿרוכטבאַרען באָדען; דערפֿאַר געפֿינען זיך אין פֿערשידענע טיילען פֿון גליל פֿיעל שענע גערטנער און פּלאַנטאַציעס. עס געפֿינען זיך דאָרט אויך פֿיעל יודישע קאָלאָניעס. דורך אַ ליניע, וועלכע ציהט זיך פֿון דער שטאָדט עכו דורך דעם טאָל רמה ביז צום ירדן, ווערט גאַנץ גליל צוטיילט אויף 2 טיילען: גליל העליון (דער אויבערשטער גליל — צפֿון-גליל) און גליל התחתון (דער אונטערשטער גליל — דרום-גליל). דער גליל העליון איז אַ הויכע פֿלאַכקייט אין פֿאָרם פֿון אַ פֿיער-עק. אין פֿערשידענע ריכטונגען ציהען זיך איבער דער פֿלאַכקייט בערג-קייטען און צווישען זיי ברייטע און שענע טאָלען. די העכסטע בערג געפֿינען זיך אין דרום-טייל. דאָ דערגרייכען זיי ביז 1200 + מעטער (דזשערמאַק-הר עצמון). אין מזרח-טייל דערהויבט זיך אַ צווייטע באַרג-קייט, וועלכע טראָגט דעם נאָמען — די בערג פֿון צפֿת. די לעצטע בילדען דעם הויכען ברעג פֿון ירדן, וועלכער גרעניצט אָב דעם גליל פֿון די בערג פֿון מזרח-ארץ-ישראל.

דער אונטערשטער גליל איז פֿיעל נידריגער. זיין מיטעלהויך איז בלויז 600 + מעטער. דאָ דערהויבען זיך שוין

נִישט קיין הויכע לאַנגע בערג-קייטען, וועלכע ציִהען זיך אין פֿערשידענע ריכטונגען אין צפון-גליל; די בערג זענען דאָ אָבגעטיילט צווישען זיך דורך ברייטע טאָלען און וואַדיס. באַלד אויף דער גרעניץ צווישען דיביידע טיילען פֿון גליל געפינט זיך אַ גרויסער טאָל רמה. נאָר איינינע קליינע בערג טיילען אָב דעם טאָל פֿון דער נידערפלעכע ביים ים. דער טאָל רמה איז בעקאַנט מיט זיינע גרויסע און געדיכטע איילבערט- וועלדער. צו דרום פֿון רמה ציהט זיך ווי אַ האַלב-רינג אַ הויכע פֿלאַכקייט בעדעקט מיט נידריגע בערג—שאַגור. זי טיילט אָב אין מערב דעם טאָל יזרעאל פֿון דער נידערפלעכע ביים ים און אין מזרח בילדעט זי דעם ברעג פֿון ים כנרת. דער מזרח-טייל פֿון שאַגור איז בעדעקט מיט שיכטען פֿון באַזאַלט און איז דערפֿאַר זעהר פֿרוכטבאַר. צו דרום פֿון שאַגור ציהט זיך אַ צווייטער גרויסער טאָל נטופה אָדער זבלון. דער טאָל איז פֿיעל גרעסער פֿון רמה, רייך אין וואַסער, איז אָבער זומפיג און נישט געזונד. אין זיין דרום-טייל דערהויבען זיך שטופענווייז די בערג פֿון נצרת. דאָס זענען פֿערהעלטניסמעסיג נישט קיין הויכע שענע בערג. אין פֿערשידענע ערטער זענען זיי בעדעקט מיט דעמבע- און איילבירט-וועלדער. אין דרום לאָזען זיי זיך שטייף אַראָב אין דעם טאָל יזרעאל. צו דרום-מזרח פֿון זיי דערהויבט זיך דער באַרג תבור, וועלכער איז אויך בעדעקט מיט דעמבענע און אַנדערע בוימער. אויף זיין שפיץ געפינען זיך רואינען פֿון אַ אַלטער יודישער פֿעסטונג פֿון יוסף פלאַוויוס׳ס צייטען. צו דרום פֿון תבור ליעגט אַ פֿערלאָשענער וואולקאַן „דזשעבעל דאכי״ (חרמון הקטן—גבעת המורה). אויף איהם געפינט זיך נאָך אַ אַלטער קראַטער און נעבען איהם פֿיעל באַזאַלט-פֿעלזען. די ביידע בערג, דער תבור און דער חרמון הקטן, בילדען דעם מזרח-גרעניץ פֿון טאָל יזרעאל. צו מזרח פֿון זיי ביז צום ירדן-טאָל ציהט זיך אַ רייהע פֿון פֿיעל נידריגע בערגלעך.

## ג) דער טאָל יִזְרְעֶאֶל.

8 § פֿון 3 זייטען רינגלען אַרום די בערג פֿון גליל אַ גרויסען טאָל, וואָס טראָגט דעם נאָמען — יזרעאל, דאָס איז דער גרעסטער טאָל אין מערב - ארץ-ישראל. שוין אין אַלטערטום האָט ער געשפּילט אַ וויכטיגע ראָל אין דער געשיכטע פֿון די פֿעלקער פֿון ארץ-ישראל. דאָ זענען פֿאָרגעקומען די וויכטיגסטע שלאַכטען, דורך דאַנען האָט זיך געצויגען דער וועג פֿון סיריען קיין מצרים. דער טאָל יזרעאל געהערט צו די פֿרוכטבאַרסטע טיילען פֿון לאַנד. זיין באָדען איז בעדעקט מיט שיכטען פֿון צושאָטענעם באַזאַלט און איז זעהר גוט פֿאַר ערד-אַרבייט. אין מזרח-טייל איז דער טאָל זעהר ברייט, נאָר וואָס וויטער צו מערב ווערט ער אַלץ שמעלער און געהט צו כמעט ביז צו דער נידערפֿלעכע ביים ים. אין זיין מערב-טייל איז ער נור אויף 25 מעטר העכער פֿון ים-אויבערפֿלעכע, וואָס וויטער אָבער צו מזרח ווערט ער אַלץ העכער און דערגרייכט ביז 120 + מעטר. אין מזרח פֿעראייניגט ער זיך מיט דעם טאָל בית-שאָן, וועלכער לאָזט זיך אַראָב צום ירדן-טאָל.

---

## ד) די בערג פֿון אֶפְרַיִם.

9. § די בערג פֿון אפרים בילדען מיט זיך אַ פֿאָרטזעצונג פֿון גליל-בערג. אין צפֿון-טייל זענען זיי ענליך צו די בערג פֿון דרום-גליל. וואָס וויטער צו דרום ווערען די בערג פֿערוואַנדעלע אין נידריגע בערגלעך און דער גאַנצער דרום-טייל פֿון די אפֿרים-בערג שטעלט שוין פֿאָר אַ פֿלאַכע בערגעלדיגע געגענד. אין מזרח-טייל לאָזען זיך די בערג שטייף אַראָב אין ירדן-טאָל, אין מערב אָבער, געהען זיי שטופֿענווייז איבער אין די נידערפֿלעכע ביים ים. דעם צענטרום פֿון די אפֿרים-בערג, פֿון וועלכען עס ציהען זיך לאַנגע בערג-קייטען אין פֿערשידענע ריכטונגען, בילדעט דער הויכער באַרג עיבל

**לאַנגע** זיך ציִהען איִהם פֿון צפֿון-מערב צו (938 + מעטער)
בערג-קייטען, וואָס לאָזען זיך שטופֿענווייז אַראָב צו דער נידער-
פֿלעכע. פֿאַראַלעל צו זיי ציהען זיך אין דערזעלבער ריכטונג
אוֹין ברייטע וואדיס. אין פֿריהלינג ווערען די בערג בעדעקט
דורך פֿיעל שענע בלומען. אַם וויטסטען צו צפֿון-מערב ליעגען
די בערג פֿון כרמל. אין פֿיעל ערטער איז דער כרמל בעדעקט
מיט וועלדער פֿון פֿייגען-און איילבירט-בוימער. ער איז רייך
אין וואַסער און זעהר פֿרוכטבאַר. זיין גרעסטער הויך דער-
גרייכט דער כרמל נישט ווייט פֿון ים, צו וועלכען ער לאָזט
זיך שנעל אַראָב. אויף זמן מערב-טייל געפֿינען זיך צאָהל רייכע
הוילען, וועלכע האָבען שוין אין אַלטערטום געדינט אַלס בע-
העלטניש פֿאַר די פֿערפֿאָלגטע איינוואוינער. צו מזרח פֿון די
אַלע בערגקייטען ציהט זיך אַ רייהע פֿרוכטבאַרע טאָלען, וועל-
כע זענען גוט בעאַרבייט און בעדעקט מיט שענע גערטנער.
דער שענסטער פֿון זיי איז דער טאָל דותן, וועלכער ליעגט
באַלד צו דרום פֿון טאָל יזרעאל און איז פֿון דעם לעצטען
אָבגעטיילט נור דורך אַ רייהע נידעריגע בערג. צו מזרח פֿון די
דאָזיגע טאָלען ציהען זיך ווידער בערג-קייטען, הויפּטזעכליך אין
דער ריכטונג פֿון דרום-מזרח. אין צפֿון-טייל, צו מזרה פֿון טאָל
יזרעאל, ערהויבען זיך די בערג פֿון גלבוע. דאָס זענען וויסטע
נאַקעטע בערג כמעט אין ערגעץ נישט בעאַרבייט. נור אין
מזרח-טייל זענען זיי בעדעקט מיט קליינע קזשאַקעס. צו דרום
פֿון זיי ציהען זיך 4 רייהען בערג, וועלכע לאָזען זיך שטייף
אַראָב אין ירדן-טאָל. צווישען זיי ציהען זיך אין דערזעלבער
ריכטונג ברייטע פֿרוכטבאַרע וואַדיס. צו דרום פֿון עיבל געפֿו-
נען זיך שוין נישט קיין הויכע בערג. נור באלד צו דרום
דערהויבט זיך דער באַרג גריזים, וועלכער איז בעקאַנט פֿון
דער געשיכטע, אַלס באַרג פֿון ברכה. די גאַנצע געגענד צו
דרום פֿון באַרג איז אַ פֿלאַכע הויכקייט, וועלכע איז אין מערב
בעדעקט מיט פֿיעל נידריגע בערגלעך און אין מזרח בילדעט
זי אַ בערגעלדיגע געגענד מיט פֿיעל לאָנקעס.

---

## ז) די בערג פון יהודה.

§ 10. צו דרום פון די אפרים-בערג הויבען זיך אויף די בערג פון יהודה. דאס זענען שוין הויכע נאקעטע בערג מיט א ארימער בעוואקסונג, דורכגעשניטען דורך פיעל שמאלע און טיעפע טאלען און וואדיס. דער הויפט-מאסיוו פון די בערג ציהט זיך כמעט אלס גלייכע ליניע פון צפון צו דרום און פון איהם ציהען זיך צו מערב און מזרח לאנגע בערג-קייטען און טיעפע טאלען, וועלכע צוטיילען די בערג אויף פיעלע איינ-צעלנע בערג-מאטען. ווינטער-צייט ווערען די טאלען פערפולט מיט גרויסע מאסען וואסער, וועלכע פאלען רוישענד אריין אין דעם מיטעללענדישען און טויטען ים (ים המלח); די גרויסע צאהל צושטערטע ברונעמס און ציסטערנען, וועלכע זענען נאך ביז יעצט צוואָרפען איבער די בערג פון יהודה בעווייזען, אז דאס לאנד איז אמאל געווען א סך רייכער אין געוויקסען ווי איצט. שוין אין זייער צפון-טייל דערגרייכען די בערג פון יהודה א הויכקייט פון איבער 1000 מעטער (בעל חצור-טעל אסור 1011+מעטער). די טאלען זענען דא שמאל מיט שטייפע ווענד, אבער פרוכטבאר און אין פיעל ערטער גוט בעארבייט. צו דרום ווערען די בערג פון יהודה נידריגער און נאך וויס-טער. זיי טראגען דא דעם נאמען בערג פון ירושלים צוליעב דער שטאדט ירושלים, וועלכע ליעגט אויף איינעם פון די בערג-שפיצען. די העכסטע בערג פון דעם טייל יהודה זענען הר הזיתים נעבען ירושלים (818+מעטער) און מצפה—נעבי-סאמ-וויל צום צפון-מערב פון ירושלים (869+מעטער). פון די טא-לען זענען די בעריהמטעסטע פאלגענדע: דער טאל פון בית-לחם, וועלכער איז גוט בעארבייט, פרוכטבאא און רייך אין וואסער; דער טאל רפאים צו דרום-מערב פון ירושלים, א ברייטער טאל מיט א פרוכטבארען באדען; דער טאל אילון צו מערב פון ירושלים, א ברייטער טאל, גוט בעוואסערט—בע-קאנט אין דער יודישער געשיכטע.

אין זייער דרום-טייל דערהויבען זיך ווידער די בערג פון יהודה און דערגרייכען זייער העכסטער הויך 1027+מעטער ביי חברון (סיריעט-על-בעללא. די בערג זענען דא כמעט אינ-

גאַנצען נאַקעט און וויסט. צוּמייסטען ווילד און וויסט זענען זייערע מזרח-טיילען—די ברעגעס פֿון ים-המלח. נור אין איינצעלנע ערטער, וואו עס געפֿינט זיך וואַסער און גוטער באָדען בילדען זיך שענע רייך - בעוואָקסענע אָאַזען. צו זיי געהערט עין גדי אויף דעם ברעג פֿון ים המלך, צו דרום פֿון וועלכען ס'איז אַמאָל געשטאַנען די יודישע פֿעסטונג מסדה. ווייטער צו דרום ווערען ווידער די בערג נידריג און געהען איבער אין אַ הויכע, פֿלאַכע און וויסטע געגענד—נגב.

---

## 3. דער ירדן-טאָל.

§ 11. דער ירדן-טאָל איז אַ טייל פֿון דעם לאַנגען שפּאַלט, וועלכער ציהט זיך לענג-אויס גאַנץ סיריען. אין די גרעניצען פֿון ארץ-ישראל הויבט זיך דער שפּאַלט אָן ביי די פֿיס פֿון דעם באַרג חרמון. דאָ איז ער נאָך אַ סך (700+מעטר) העכער פֿון דער ים-אויבערפֿלעכע, איז בעדעקט מיט באַזאַלט-שיכטען, רייך אין וואַסער און זעהר פֿרוכטבאַר. ער טראָגט דאָ דעם נאָמען מערדזש-עיוני (בקעת הלבנון). וואָס ווייטער צו דרום ווערט דער טאָל אַלץ נידריגער. דאָ, צו דרום פֿון עיון הויבט זיך שוין אָן דער אייגענטליכער ירדן-טאָל. דער גאַנצער טאָל ליעגט כמעט אין זיין גאַנצער לענג נידריגער פֿון דער ים-אויבערפֿלעכע. פֿון אַלע זייטען איז ער אַרומגערינגעלט מיט הויכע בערג און שטעלט אַזוי אַרום פֿאָר אַ געשלאָסענעם טאָל. לויט אַלע בעווייזען איז דער טאָל אַ מאָל געווען פֿערפֿולט מיט וואַסער און געבילדעט אַ אינערליכע אָזיערע. די וואַסערן פֿון דער אָזיערע זענען מיט דער צייט אויסגעפּאַרעט געוואָרען און יעצט זענען נאָך פֿון דער גרויסער וואַסער - זאַמלונג געבליבען נור 3 קלענערע אָזיערעס: מי מרום, ים כנרת און ים המלח. אין זיין צפֿון-טייל איז דער ירדן-טאָל גענוג ברייט, פֿרוכטבאַר און רייך אין וואַסער. צו צפֿון פֿון מי מרום ציהט זיך אין דער גאַנצער ברייט פֿון טאָל אַ גרויסער זומפּ הגלה, וועלכער איז זעהר רייך אין פֿערשידענע געוויקסען און חיות. אין דרום געהט דער זומפּ שטופֿענ-

ווייז איִבער איִן דעם מי מרום, וועלכע ליִעגט נור מיִט 2 מעטר העכער פוּן דער ים-אויבערפלעכע. דאָ ציִהט זיִך דער טאָל נור אויף די מערב-ברעגען פוּן דער אָזיערע. אויף דעם מזרח-ברעג דערהויבען זיִך די בערג פוּן גולן. נאָר אויך איִן מערב רייסט זיִך דער טאָל באַלד איִבער, ווייל אויף די בערג פוּן גליל טרעטען-צו ביִז צו די וואַסערען פוּן ירדן און ביִל-דען זיינע הויכע ברעגען. דער באָדען לאָזט זיִך דאָ זעהר שנעל אַראָב אַזוי, אַז דער ים כנרת, וועלכער געפיִנט זיִך נור 16 קיִלאָמעטער צו דרום פוּן מי מרום ליִעגט שוין מיִט 210 מעטר ניִדריִגער פוּן דעם לעצטען ד. ה. אויף 208—ניִדריִגער פוּן דער ים-אויבערפלעכע. דער טאָל ציִהט זיִך דאָ אויף די ברעגען פוּן דער אָזיערע. איִן פערשיִעדענע ערטער טראָגט ער דאָ פערשיִעדענע נעמען. אויף דעם צפון-מזרח-ברעג איִז ער זעהר פרוכטבאַר, רייך איִן וואַסער, אָבער זעהר זומפּיִג און ניִשט געזונד. ער טראָגט דאָ דעם נאָמען על באַטיִכאַ. אויף דעם צפון-מערב-ברעג ליִעגט אַ שמאָלער אָבער זעהר פרוכטבאַרער טאָל גיִנוסר (בקעת גינוסר), וועלכער איִז אויך רייך איִן וואַסער. צו דרום פוּן איִהם ציִהט זיִך אַ צווייטער שמאָלער טאָל—טבריה, איִן דרום-טייל פוּן וועלכען ס׳געפיִנען זיִך בעריִהמטע שוין איִן אַלטערטום הייסע הייל-קוואַלען—חמי-טבריה. צו דרום פוּן ים כנרת לאָזט זיִך דער טאָל וויִדער אַראָב. ער פערברייטערט זיִך שטאַרק און אַלס איין ברייטער פאַס ציִהט ער זיִך ביִז צו דעם ים המלח. דאָ זענען די ברעגען פוּן ירדן זעהר רייך בעוואַקסען. דער באָדען איִז א פרוכטבאַרער און אָפּטמאָל גוט בעאַרבייט, ווייטער אָבער פוּן טייך איִז דער טאָל וויִסט און נאַקעט, הויפטזעכליִך איִן דעם דרום-טייל. נאָר איִן אייניצעלנע ערטער, דאָרט וואו עס איִז דאָ אַ נאַטיִרליִכע אָדער קיִנסטליִכע בע-וואַסערונג, איִז ער רייך בעדעקט מיִט שענע און פערשיִדענ-אַרטיִגע געוויִקסען. דער ירדן צוטיילט דעם טאָל אויף 2 טיי-לען: מזרח-און מערב-טייל. דער מזרח-טייל איִז שמאָל און האָט כמעט איין ברייט איִן זיין גאַנצער לענג. אויף זיין מזרח-זייט דערהויבען זיִך שטייף די בערג

דער מערב-טייל איז פיעל ברייטער. אויף דעם מערב רייסט זיך דער טאָל אָפּטמאָל אַריין צווישען די בערג פון גליל און אפרים. באַלד צו דרום פון ים כנרת פערברייטערט זיך דער ירדן-טאָל און בילדעט דעם טאָל פון בית-שאן, וועלכער הויבט זיך שטופענווייז אויף און פעראייניגט זיך מיט דעם טאָל יזרעאל. ווייטער צו דרום ווערט דער טאָל ווידער שמעלער און פערברייטערט זיך נאָר צו דרום פון דעם באַרג סאַרטאַבאַ, וואו ער געפינט זיך אין זעהר אַ וויסטען צושטאַנד. נאָך ווייטער צו דרום ציהט זיך דער טאָל אויף די ברעגען פון ים המלח. דאָ דערגרייכט ער זיין העכסטער טיעפקייט 393,8—מעטר אונטער דער ים-אויבערפלעכע. דער טייל פון ירדן-טאָל איז דער נידריגסטער אָרט אויף דעם גאַנצען ערד-קוגעל. דער טאָל איז דאָ זעהר שמאָל און רייסט זיך אָפּטמאָל איבער. פוןביידע זייטען, צו מערב און מזרח פון טאָל, הויבען זיך שטייף אויף הויכע בערג, וועלכע דריקען אַזוי ווי צו דעם טאָל צום ים. נור אין איין אָרט אויף דעם האַלבאינזעל הלשון פערברייטערט זיך דער טאָל ער איז אָבער דאָ פיעל העכער פון דער אויבערפלעכע פון ים המלח.

צו דרום פון ים המלח ווערט דער טאָל ווידער ברייט און ציהט זיך אונטער דעם נאָמען דער טאָל על סאַבכאַ צו דרום. פון ביידע זייטען איז דער טאָל דאָ צוזאַמענגעפּרעסט דורך הויכע שטייפע בערג, וועלכע לאָזען זיך טעראַסענווייז אַראָב אין טאָל. וואָס ווייטער צו דרום ווערט דער טאָל אַלץ העכער און דערגרייכט ביז 250+ מעטר. דער באָדען איז דאָ זעהר געזאַלצען, אונפּרוכטבאַר און וויסט. ווייטער צו דרום לאָזט זיך דער טאָל ווידער אַראָב און געהט איבער אין דעם אויסגוס עקבה.

### 4. דאָס הויכלאַנד פון מזרח-אֶרֶץ-יִשְׂרָאֵל.

§ 12 צו מזרח פון ירדן-טאָל הויבט זיך שטייף אויף אַ הויכע פלאַכקייט, איבער וועלכע עס ציהען זיך אין פערשידענע ריכטונגען הויכע בערג. אין צפון טראָגט זי אַ וויסטען, שטרענגען און אָפּטמאָל ווילדען כאַראַקטער. אין פערשידענע טיילען הויבען זיך דאָ אויף הויכע בערג, מייסטענס געוועזענע

וואולקאַנען, ביי די פּיס פון וועלכע עס ליעגען גרויסע באַ-זאַלט-פעלזען. גרויסע שטהים זענען דאָ בעדעקט מיט פערגלי-ווערטע צושפּאָלטענע לאַווע, וועלכע מאַכט אָפּטמאָל די געגענד כמעט איינגאַנצען אונצוגענגליך. כמעט אומעטום איז דאָ דער באָדען זעהר פרוכטבאַר און דאָרט, וואו עס איז נאָר דאָ אַ גענוגענדע בעוואַסערונג, איז ער רייך בעדעקט מיט געוויקסען. דער דרום-טייל האָט שוין אַ סך ווענינער שפּורען פון וואול-קאַנישער טעטיגקייט. אָבער אויך דאָ ציהען זיך הויכע בערג דורכגעשניטען דורך פיעל ברייטע טאָלען. אין פיעל ערטער זענען די בערג בעדעקט מיט שענע פערשידענאַרטיגע געוויק-סען; אָפּטמאָל טרעפען זיך דאָ גוט בעאַרבייטע געגענדען. וואָס ווייטער אָבער צו דרום און מזרח ווערט די געגענד אַלץ וויסטער ביז זי געהט שטופּענווייז איבער אין אַ פּאָלקאָמען מדבר.

אין דעם צפון-טייל דערהויבט זיך דער העכסטער באַרג פון גאַנץ ארץ-ישראל און איינער פון די העכסטע בערג אין סיריען— דער חרמון. זיינע שפּיצען זענען בעדעקט מיט אייביגען שניי און דערפאַר טראָגט ער ביי די אַראַבער דעם נאָמען „דזשעבעל עש שעיך". זיינע זייטען זענען מייסטען וויסט און נאַקעט. נאָר אויף דעם דרום-מזרח-טייל איז ער בעדעקט מיט אַ גע-דיכטען וואַלד. דער הויפּט-שפּיץ זיינער דערגרייכט ביז 2759 מעטער; פון איהם עפענט זיך אַ ברייט אויסזעהן כמעט אויף גאַנץ מזרח-ארץ-ישראל, אויף דמשק, מיטעל-סיריען און אַ טייל פון גליל. ער איז זעהר רייך אין וואַסער; פון איהם פליסען אַרויס פיעל טייכלעך פון צפון-ארץ-ישראל, צווישען זיי אויך דער ירדן.

§ 13 די גאַנצע הויכע פלאַכקייט צו דרום פון חרמון ווערט דורך דעם טאָל פון טייך ירמוק צוטיילט אויף 2 טיי-לען: צפון-און דרום-טייל. באַלד צו דרום-מזרח פון חרמון הויבט זיך אויף אַ גרופּע הויכע פערלאָשענע וואולקאַנען, וועל-כע דערגרייכט אָפּטמאָל ביז איבער 1000 מעטר די הויך. אין פיעל ערטער זענען זיי יעצט בעדעקט מיט גרעסערע וועלדער. צו דרום פון די וואולקאַנען ציהען זיך פיעל נידרי-גע בערגלעך, צווישען וועלכע ס'זענען צוואָרפען גרויסע באַ-

זאַלט-פּעלזען. פֿיעל וואַדיס פֿון דעם טייל לאַנד זענען פֿערגאָסען מיט פֿערגליווערטע לאַווע. בכלל טראָגט די גאַנצע געגענד זעהר אַ ווילדען כאַראַקטער. דאָרט אָבער, וואו דער באַזאַלט איז צושאָטען איז דער באָדען בעדעקט מיט הויכען גראָז און איז זעהר פּרוכטבאַר. דער טייל פֿון מזרח-ארץ-ישראל איז דער אַמאָליגער גולן — יעצטיגער דזשאָלאַן.

צו מזרח פֿון גולן ליעגט אַ ברייטע פֿלאַכקייט, ען-נוקראַ — אַמאָליגער בשן. ען-נוקראַ איז זעהר גוט בעוואַסערט דורך פֿיעל וואַדיס, וועלכע שניידען אַ דורך די פֿלאַכקייט אין פֿערשידענע ריכטונגען. דער באָדען פֿון בשן בעשטעהט פֿון צושאָטענעם באַזאַלט און איז דערפֿאַר זעהר פּרוכטבאַר. שוין אין אַלטערטום איז די דאָזיגע געגענד געווען בערימט דורך איהר פּרוכטבאַרקייט, און נאָך ביז דער יעצטיגער צייט דיענט זי אַלס קאַמער פֿאַר די בעדואינער פֿון סיריען און אַראַביען. גרויסע מאַסען ווייץ ווערען יאָהר-יעהרליך פֿון דאָרט אַרויסגעפֿיהרט קיין אויסלאַנד דורך עכו און ביירוט.

צו מז״ח פֿון בשן געפֿינט זיך אַ גרויס פֿעלד, אונגעפֿעהר 45 קילאָמעטער די לענג און ביז 30 קיל. די ברייט (לעדזשאַ—חבל ארגוב), וועלכעס איז בעדעקט מיט אַ דיקער שיכט פֿון פֿערגליווערטער לאַווע. דאָס איז איינע פֿון די ווילדעסטע געגענדען אין לאַנד. די שפּאַלטען צווישען די לאַווע-פֿעלזען האָבען פֿון דער צייט פֿון אַלטערטום געדינט אַלס פֿערבאָרגונגס-אָרט פֿאַר פֿערשיעדענע בעדואינישע רויבער-באַנדעס, פֿון וואַנען זיי האָבען געמאַכט זייערע אָנפֿאַלען.

צו דרום-מזרח פֿון לעדזשאַ דערהויבט זיך ווידער אַ גרויסע בערג — הרי חורן אָדער בשן. יעצט הייסען זיי „דזשעבעל-דרוז” צוליב דעם פֿאָלק דרוזען, וועלכעס האָט זיך דאָרט בעזעצט. די בערג זענען אויך זעהר רייך אין וואַסער און אין פֿיעל ערטער בעדעקט מיט וועלדער. אויך זיי זענען פֿערלאָשענע װאולקאַנען. צו צפֿון פֿון זיי ליעגט אַ דריטע גרופּע בערג „דירעט-על-טולול”, וועלכע זענען זעהר ווילד און אַרום וועלכע עס ציהען זיך גרויסע פֿעלדער פֿון פֿערגליווערטע לאַווע.

14. § צו דרום פֿון ירמוק ענדערט זיך דער כאַראַק-

טער פֿון דעם לאַנד. די שפּורען פֿון וואולקאַנישער טעטיגקייט טרעפֿען זיך שוין זעלטענער, ביז זיי ווערען אינגאַנצען פֿער-שוואונדען. נור צו דרום פֿון טייך ארנון ענטהאַלט אין זיך דער באָדען ווידער' באַזאַלט. דער טייך ארנון צוטיילט דעם דרום-טייל פֿון מזרח-ארץ-ישראל אויף 2 טיילען: גלעד, אויפ'ן צפון און מ ו א ב, אויפ'ן דרום. דער ג ל ע ד איז אַ פלאַכע הויכקייט אין אייניגע טיילען פֿון וועלכער, הויפּטזעכליך אין דרום-טייל, ציהען זיך בערג-קייטען. די הויכקייט הויבט זיך שטייף אויף איבער דעם ירדן-טאָל און דערהויבט זיך אַליך מעהר און מעהר צו מזרח און דרום. ביי דעם טאָל פֿון יבק דערגרייכט זי שוין כמעט ביז 1000 מעטר די הויך. אויף דעם לינקען ברעג פֿון טאָל געהען די בערג פֿון גלעד אין מזרח שטופּענווייז איבער אין אַ הויכע פֿלאַכקייט ע מ ו ן. אויך צו דרום פֿון די בערג ציהט זיך אַ פֿלאַכע הויכקייט, אין פֿער-שידענע פונקטען פֿון וועלכער עס דערהויבען זיך נידריגע בערג. איינע פֿון די בערג-גרופּען, וועלכע דערהויבען זיך דאָ, איז די גרופּע פסגה מיט דעם שפּיץ נבו, פֿון וועלכען משה האָט צום ערשטען מאָל אַרומגעזעהן ארץ-ישראל. צו דרום פֿון נבו אויף דעם ברעג פֿון ים-המלח געפֿינט זיך אַ צווייטער בעקאַנטער אין דער יודישער געשיכטע באַרג—מכרוס, אויף וועל-כען עס איז געשטאַנען די לעצטע יודישע פֿעסטונג בשעת דעם רוימער קריעג.

צו דרום פֿון אַרנון ציהט זיך ווייטער די פֿלאַכקייט פֿון גלעד. זי הויבט זיך אויף אין דער ריכטונג צו דרום. אין פֿיעל ערטער איז זי דאָ דורכגעשניטען דורך טיעפֿע אוןברייטע וואַדיס, וועלכע זענען זעהר פֿרוכטבאַר און אָפּטמאָל גוט בע-אַרביימ. איהר העכסטע הויך (ביז 250 + מעטר) דערגרייכט די פֿלאַכקייט אין דרום נישט ווייט פֿון דעם טאָל פֿון טייך אכסה, צו וועלכען זי לאָזט זיך שנעל אַראָב.

### 5. דאָס הויכלאַנד פֿון דרום-ארץ-ישראל.

15 § דאָס גאַנצע דרום-ארץ-ישראל איז אַ הויכע פֿלאַכ-קייט, וועלכע ציהט זיך פֿון מיטעללענדישען ים ביז צום מדבר סיריען. דורך דעם טאָל ערבה ווערט די פֿלאַכקייט צוטיילט

אויף 2 טיילען. דער מערב-טייל — ארץ נגב — איז אַ וויסטע נאַקעטע פלאַכקייט מיט אַ זעהר אָרימע בעוואַסערונג. איהר צפון-טייל איז אַמאָל געווען גוט בעאַרבייט, דער דרום-טייל איז אָבער פון שטענדיג געווען אַ פאָלקאָמער מדבר. אין צפון-טייל דערנידריגט זיך דאָס לאַנד און דערגרייכט ביז 300 מעטער איבער דער ים-אויבערפלעכע, אָבער וואָס ווייטער צו דרום ווערט דאָס אַלץ העכער און געהט איבער אין אַ הויכען פלאַטאָ פון האַלבאינזעל סיני. דער מזרח-טייל איז פיעל פער-שידענאַרטיגער: די בערג ווערען דאָ דורכגעשניטען דורך ברייטע וואַדיס, וועלכע זענען רייך אין וואַסער און אָפטמאָל זעהר פרוכטבאַר. נור צו דרום ווערט דאָס לאַנד וויטטער און געהט איבער אין אַ מדבר. צו די הויכע בערג פון דעם מזרח-טייל פון דרום-ארץ-ישראל געהערט דער באַרג ההר, אויף וועלכען ס'איז געשטאָרבען אהרן. פוןביידע זייטען פון טאָל ערבה ציהען זיך קייטען פון בערג (הרי שעיר), וועלכע לאָזען זיך טעראַסענווייז אַראָב אין טאָל. די ווענד פון די טעראַ-סען זענען זעהר שטייף און הויך. זיי דערגרייכען אָפטמאָל ביז 300—400 מעטער די הויך.

## IV. די בעוואַסערונג.

§ 16 ארץ-ישראל געהערט צו די לענדער, וועלכע זענען רייך אין רעגענוואַסער. אין ירושלים צ. ב. פאַלט אַרויס אין משך פון איין יאָהר ביז 30 צאָל רעגענוואַסער, דאַן ווען אין ענגלאַנד פאַלט אַרויס יעהרליך נישט מעהר, ווי 32 צאָל, אין פראַנקרייך 25 און אין דייטשלאַנד נור 20 צאָל. דאָס רעגענוואַסער ברענגט אָבער דעם לאַנד נישט דאָס נוצען, וואָס עס ברענגט אין אַנדערע לענדער. די גאַנצע מאַסע וואַסער פאַלט דאָ אַרויס אין משך פון אַ קליינע צאָהל טעג ווינטער-צייט דאַן, ווען דעם גאַנצען זומער פאַלט נישט אַרויס קיין טראָפּען רעגען. דער באָדען ווערט ווינטער זעהר שנעל אָנ-געזאַפּט מיט וואַסער, נעהמט מעהר נישט אריין און דאָס גאַנ-צע איבריגע וואַסער פליסט אַריין אין ים, נישט ברענגענדיג קיין נוצען דעם לאַנד. זעהר אונגינסטיג איז פאַר דער בעוואַ-

סערונג פון לאַנד אויך דער אומשטאַנד, וואָס די טאָלען זענען דאָ קורץ און לאָזען זיך שנעל אַראָב צום ים. דערפאַר האָ-בען זיך אין ארץ-ישראל נישט געקאָנט בילדען לאַנגע און ברייטע טייכען, וועלכע שפּילען אַלע מאָל אַ גרויסע ראָלע אין דער בעוואַסערונג. דאָס וואַסער אין די טאָלען אין דעם שנעלען לויף נישט נאָר וואָס ס'בעוואַסערט נישט דעם באָדען, נור עס רייסט נאָך אָב שטיקער באָדען און טראָגט זיי מיט זיך אַוועק אין ים. אַם רוישענדסטען און שטאַרקסטען זע-נען די טייכלעך אין מזרח-טייל פון די בערג פון מערב-ארץ-ישראל, ווייל דאָ זענען די טאָלען זעהר קורץ און שטייף. אַ סך ברייטער און לענגער זענען די טייכען פון מזרח-ארץ-ישראל. זיי בעוואַסערען שוין גרויסע שטחים און ווירקען מיט דער אויפלעבונג פון לאַנד. אָבער אויך דאָ פליסען זיי אין זעהר טיעפע טאָלען, וואָס בעשווערט ווידער די בעוואַסערונג.

§ 17 צוליעב די אַלע סבות איז ארץ-ישראל, נישט קוקענדיג אויף די גרויסע צאָהל רעגען-וואַסער, אַ טרוקען און אין פיעל ערטער אַ וויסט לאַנד. אין אַמאָליגע צייטען האָט מען מיט די אַלע שטערונגען זעהר ערפאָלגזאַם געקעמפט: מען האָט אויסגעשניטען טעראַסען אויף די זייטען פון די בערג און געבויט ציסטערנען—וואַסערזאַמלונגען. אויף די דאָזיגע טע-ראַסען האָט זיך פערהאַלטען דאָס וואַסער פון די טייכלעך, דאָרט האָבען זיך אויך פערהאַלטען די אָבגעריסענע טיילען פון באָדען. אין די ציסטערנען האָבען זיך ווינטערצייט געזאַמעלט גרויסע מאַסען וואַסער, וועלכע האָבען געדיענט צום טרינקען און בעוואַסערען אין משך פון גאַנצען יאָהר. יעצט זענען די טעראַסען צושטערט און די ציסטערנען פערלאָזען און פער-נאַכלעסיגט אַזוי, אַז זיי בילדען יעצט נור אַ נעסט פון פיע-בער.

חוץ טייכען שפּיעלען אין דער בעוואַסערונג פון ארץ-ישראל אויך אַ גרויסע ראָלע די פיעל קוואַלען, וועלכע זענען זעהר בנמצא אין לאַנד. אַם רייכסטען זענען אין קוואַלען דער גליל און די בערג פון אפרים און יהודה. אָבער אויך דאָ צו-ליעב דער פערנאַכלעסיגקייט פון די איינוואוינער ברענגען די קוואַלען אָפטמאָל אַ גרויסען שאָדען: זיי מאַכען זומפּיג די

געגענד און שאַפֿען אַזוי אַרום אַ נייע נעסט פֿון פֿיבער. אין דער נידערפֿלעכע טרעפֿען זיך קוואַלען אַ סך זעלטענער. דאָ, כדי צו בעקומען וואַסער, גראָבט מען טיפֿע ברונעמס. די לעצטע דערגרייכען אָפֿטמאָל ביז איבער 40 מעטר די טיפֿ און זענען דערפֿאַר זעהר קאָסטבאַר.

18 § די אַלע טייכען פֿון ארץ-ישראל געהערען צו 2 באַסיינען: צום באַסיין פֿון מיטעללענדישען ים (אויסערליכער באַסיין) און צום באַסיין פֿון ים-המלח (אינערליכער באַסיין). חוץ דעם פֿליסען אין צפֿון-מזרח פֿון ארץ-ישראל איינצעלנע טייכלעך, וועלכע פֿאַלען אַריין אין קליינע אינערליכע אָזיע-רעס, אָדער ווערען פֿערפֿאַלען אין די זאַמדען פֿון מדבר. די טייכען פֿון ארץ-ישראל זענען אין זייער גרעסטען טייל וואַדיס, נור אין זעהר ווייניג פֿון זיי בלייבט וואַסער איבער׳ן זומער. אָבער אויך די לעצטע זענען זומער-צייט זעהר קליין, שמאָל און קורץ. צו די גרעסערע טייכען פֿון ערשטען באַסיין גע-הערען: דער טייך ליטאַניאַ, נעמן, קישון, נהר התנינים, נהר איסכנדרונה, ירקון, נהר ראובן און וואַדי-על-אַריש.

דער טייך ליטאַניאַ הויבט זיך אָן אין מיטעל-סיריען צו צפֿון פֿון בירוט. אין זיין דרום-טייל פֿליסט ער אין אַ שמאָלען שטייניגען טאַל, רייסט זיך אַ דורך דורך פֿיעל פֿעלזען און בילדעט פֿיעל וואַסער-פֿאַלען. אין זיין דרום-טייל טראָגט ער דעם נאָמען קאַסמיע. דאָ שניידט ער זיך דורך אַ וועג דורך אַ גרויסען פֿעלז, וועלכער בילדעט איבער איהם אַזוי ווי אַ נאַטירליכע בריק. ער פֿאַלט אַריין אין ים עטוואָס צו צפֿון פֿון צור.

נעמן איז אַ קליינער טייך פֿון אונגעפֿעהר 10 קילאָ-מעטר די לענג. ער פֿאַלט אַריין אין ים באַלד צו דרום פֿון עכו. אויף זיינע ברעגעס געפֿינט זיך זעהר גוטע גלאָז-זאַמד. לויט די ערצעהלונגען פֿון רוימער האָבען די פֿעניציער דאָ צום ערשטען מאָל ערפֿונדען די קונסט פֿון מאַכען גלאָז. אויף די ברעגעס פֿון נעמן האָט מען אויך געקליבען אַ פּורפּור-מושעל חלזון, פֿון וועלכען די פֿעניציער האָבען פֿאַבריצירט פּורפּור-פֿאַרב און פֿון וועלכען מען האָט אויך אויסגעאַרבייט תכלת פֿאַר ציצית.

**קִישוֹן** איז בעקאַנט אין דער יודישער געשיכטע פֿון דעם ליעד פֿון דבורה. יעצט טראָגט ער דעם נאָמען וואַדי מוקאַטאַ. קישון הויבט זיך אָן אין די בערג גלבוע; ער בעוואַסערט דעם טאָל יזרעאל, אַלע וואַדיס פֿון וועלכען עס פֿליסען אין איהם אַריין. ער פֿליסט זעהר לאַנגזאַם אין צפֿון-מערב-ריכטונג און פֿאַלט אַריין ביי דעם באַרג כרמל אין דעם מיטעללענדישען ים. אין זיין אונטערשטען לויף איז קישון פֿערשאָטען דורך זאַמד און בילדעט דאָברייטע זומפּען.

**נְהַר הַתַּנִּינִים** איז אַ קליין טייכעל, וועלכעס איז שוין אין אַלטערטום געווען בעקאַנט דערמיט, וואָס אין איהם האָט מען געפֿונען אַפֿריקאַנישע קראָקאָדילען. די קראָקאָדילען טרעפֿען זיך אין דעם טייך אויך יעצט, אין זעהר אָבער אַ קליינער צאָהל. די אַראַבער רופֿען אָן דעם טייך נהר זערקאַ—בלויער טייך, לויט דעם קאָליער פֿון זיינע וואַסערן.

**נַהַר אִיסְכַּנְדְרוּנָה** איז אַ לענגערער טייך אין טאָל שרון ביים אַריינפֿאַלען אין ים (צו דרום פֿון דער שטאָדט קסריה) בילדעט דער טייך אַ בעקוועמען האַפֿען פֿאַר קליינע שיפֿען.

**ירקון** (נחל אָזשאַ) איז אַ טיעפֿער טייך רייך אין וואַסער. אַ גאַנץ יאָהר ווערט ער געשפּייזט דורך זעהר פֿיעל קוואַלען און איז דערפֿאַר אַ שטענדיגער טייך אויף אַ גרעסערער לענג. ירקון בעוואַסערט פֿיעל גערטנער און באַיאַרעס, וועלכע ציהען זיך אויף זיינע ברעגען, ער פֿליסט אין אַ טיעפֿען טאָל און פֿאַלט אַריין אין ים צו צפֿון פֿון דער שטאָדט יפֿו.

**נַהַר רְאוּבֵן** איז אַ קליין שטענדיג טייכעל געשפּייזט דורך פֿיעל קוואַלען. ער פֿאַלט אַריין אין ים צו דרום פֿון יפֿו. יעדען יאָהר פֿערזאַמלען זיך נעבען דעם טייך פֿיעל אַראַבער פֿון דער אומגעגענד, ווייל זיי גלויבען, אַז דאָ געפֿינט זיך דער קבר פֿון ראובן.

וואַדי על אַריש איז אַ גרויסער וואַדי אויף דער דרום-גרענעץ פֿון ארץ-ישראל. ווינטער-צייט ווערט ער אינגאַנצען טרוקען און בילדעט אַ ברייטען טאָל.

19 § דער גרעסטער טייך פֿון אינערליכען באַסיין, וועלכער איז אויך דער גרעסטער טייך פֿון גאַנץ ארץ-ישראל —איז דער ירדן.

דער ירדן הויבט זיך אָן אויף דעם באַרג חרמון מיט 3 קליינע טייכלעך, פון וועלכע דאָס לענגסטע נהר חצבני הויבט זיך אָן אויף אַ הויך פון 520+ מעטער. ניט ווייט צו צפון פון מי מרום פעראייניגען זיך די 3 טייכלעך און בילדען דעם ירדן. נאָך פון אָנהויב דערגרייכט דער ירדן אַ ברייט פון 14 מעטער און צוגיסט זיך נאָכהער אין אַ גרויסען זומפּ—חולה. אין זיין דרום-טייל געהט דער זומפּ איבער אין אַ קליינע אָזיערע —מי-מרום. אַרויסגעהענדיג פון מי-מרום פערברייטערט זיך דער ירדן (ביז 25 מעטער) און פליסט שנעל און רוישענד אַראָב צום ים כנרת. דאָ, אויף אַ שטח פון 16 קילאָמעטער, פאַלט ער אַראָב אויף 210 מעטער, ד. ה. 13 מעטער אויף אַ קילאָמעטער די לענג. אין זיין פאַל בילדעט ער אין אַ סך ערטער שטאַרקע וואַסער-פאַלען. ביים אַריינפאַלען אין דעם ים כנרת איז דער ירדן נאָך ברייטער. ער דערגרייכט דאָ ביז 45 מעטער די ברייט. די אויבערפלעכע פון ים כנרת ליעגט מיט 208— אונטער דער ים-אויבערפלעכע. אַרויסגעהענדיג פון ים כנרת פליסט דער ירדן שנעל אַראָב צו דעם ים המלח. אין אָנהויב איז ער דאָ זעהר געבויגען אַזוי, אַז זיין לענג איז 3 מאָל גרעסער פון דער גלייכער ליניע צווישען ים כנרת און ים המלח (די גלייכע ליניע האָט 110 קילאָמעטער). באַלד צו דרום פון ים כנרת זענען די וואַסערן פון ירדן נאָך ריין און דורכזיכטיג, וואָס ווייטער אָבער צו דרום ווערען זיי מוטנע און דונקעל צוליעב דער מאַסע שטיקלעך ליים, וועלכע זיי רייסען מיט זיך מיט. די מיטעל-ברייט פון ירדן דערגרייכט דאָ ביז 30 מעטער. אין דעם אונטערשטען לויף איז דער ירדן ביז 72 מעטער די ברייט, ער איז אָבער ניט טיעף (0,9 מעטער) און אין פיעל ערטער קען מען איהם אַריבערגעהן צו פוס. דאָ דערגרייכט דער ירדן-טאָל זיין העכסטע טיעפקייט—393,8 מעטער. אַזוי אַרום פאַלט דער ירדן מעהר ווי אויף 900 מעטער אויף זיין גאַנצע לענג, וועלכע דערגרייכט ביז 190 קילאָמעטער, ד. ה. 4,7 מעטער אויף אַ קילאָמעטער די לענג. צוליעב דעם שנעלען לויף און דער טיעפער לאַגע האָט דער ירדן פאַר דער בעוואַסערונג פון לאַנד ניט קיין גרויסע בעדייטונג. פיעל וויכטיגער איז ער פאַר דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע,

אַלס רייכער קוואַל פֿון מעכאַניִשער ענערגיע. נור די ברעגעס פֿון טייך זענען שען בעוואַקסען, אָבער די ווייטערדיגע טיילען פֿון טאָל זענען וויסט און נאַקעט. אין אַלטערטום, ווי אויך אין מיטעלאַלטער, האָט מען אין דעם ירדן-טאָל געגראָבען פֿיעל קאַנאַלען, צוליעב וועלכע ס'האָט זיך דער כאַראַקטער פֿון טאָל אינגאַנצען געענדערט. עס זענען דאָ געווען גרויסע פּלאַנטאַציעס פֿון בייוועל, צוקער-ראָהר, אינדיגאָ און אַנדערע טראָפּישע געוויקסען. יעצט זענען די קאַנאַלען פֿערשאָטען און דאָס לאַנד איז וויסט.

פֿון מערב און מזרח בעקומט דער ירדן זעהר פֿיעל צו-פֿלוסען. דער גרעסטער טייל פֿון זיי זענען וואַדיס, וועלכע ברענגען דעם ירדן וואַסער נור ווינטערצייט, זומער אָבער זע-נען זיי אינגאַנצען טרוקען. די גרעסטע צופֿלוסען בעקומט דער ירדן פֿון מזרח-זייט. באַלד צו דרום פֿון ים כנרת פֿאַלט אַריין אין ירדן אַ גרויסער און וואַסער-רייכער טייך ירמוק.

ירמוק הויבט זיך אָן אין בשן צו מערב פֿון לעדושאַ. אין אָנהויב איז ער קליין און אָרים אין וואַסער, נאַכהער אָבער פֿערברייטערט ער זיך שטאַרק, נעמט אין זיך אַריין פֿיעל צו-פֿלוסען און שוין אַלס גרעסערער טייך פֿליסט ער אין אַ טיע-פֿען ווילדען טאָל צום ירדן צו. זיינע ברעגעס זענען פֿערוואַק-סען מיט פֿערשידענע בוימער און גראָזען, אין וועלכע עס בע-האַלטען זיך פֿיעל חיות און פֿויגלען. מיט זיינע וואַסערן בע-וואַסערט דער ירמוק דעם גאַנצען גולן און בשן און דעם צפֿון-טייל פֿון גלעד.

דער צווייטער גרויסער מזרח-צופֿלוס פֿון ירדן איז יבק. יבק איז אויך אַ גרויסער וואַסער-רייכער טייך. ער הויבט זיך אָן אין די הויכקייטען פֿון עמון און פֿליסט צו מערב אין אַ טיעפֿען שמאָלען טאָל. זיינע ברעגעס זענען געדיכט פֿערוואַק-סען מיט בוימער און גראָזען. מיט זיינע וואַסערן בעוואַסערט דער יבק דעם מיטעלערען גלעד.

פֿון מערב האָט דער ירדן קיין גרויסע צופֿלוסען ניִשט. פֿון זיי איז דער גרעסטער וואַדי ד ז ש אַ ל ו ד, וועלכער הויבט זיך אָן אין די בערג גלבוע און פֿליסט רוישענד קיין מזרח צום

ירדן. אויף זיין לויף בילדעט ער 3 וואַסערפֿאַלען.

חוץ דעם ירדן מיט זיינע צופֿלוסען געהערען צום באַסיין פֿון ים המלח אויך איינינע גרעסערע טייכען, וועלכע פֿאַלען אריין דירעקט אין ים-המלח. דאָס זענען: זערקאַ מעין און אַרנון, ביידע אויף דעם מזרח-ברעג פֿון ים המלח.

זערקאַ מעין הויבט זיך אָן אין די הויכקייטען פֿון עמון. ער פֿליסט אין אַ טיעפֿען טאָל און בילדעט פֿיל וואַסער-פֿאַלען.

אַרנון איז אַ זעהר רוישענדער טייך מיט פֿיעל וואַסער-פֿאַלען. ער פֿליסט אין אַ טיעפֿען שמאָלען טאָל מיט הויכע שטייפֿע ווענד. מיט זיינע וואַסערן בעוואַסערט ער דעם צפֿון מואב און דרום גלעד.

§ 20 גאַנץ בעזונדער פֿון די 2 באַסיינען פֿליסען אין צפֿון-מזרח פֿון ארץ-ישראל איינצעלנע גרעסערע און קלענערע טייכלעך און וואַדיס אין דער מזרח-ריכטונג, וועלכע ווערען פֿערשוואונדען אין די זאַמדען פֿון מדבר. דער גרעסטער פֿון זיי איז ב אַ ר אַ ד אַ (אַמאָליגער אמנה), וועלכער בעוואַסערט די שענע גערטנער פֿון דמשק.

§ 21 חוץ די טייכען שפּילען אויך אַ געוויסע ראָלע אין דער בעוואַסערונג פֿון לאַנד די אָזיערעס. די גרעסטע פֿון זיי ליעגען אָבער אין ירדן-טאָל אַ סך נידריגער פֿון דער ים-אויבערפֿלעכע. דאָס פֿערקלענערט שוין זעהר זייער בעדייטונג פֿאַר דער בעוואַסערונג פֿון גאַנצען לאַנד. חוץ דעם געפֿינען זיך נאָך איינינע קלענערע אָזיערעס אין צפֿון-טייל פֿון לאַנד. צו די גרעסערע אָזיערעס פֿון ארץ-ישראל געהערען: מי מרום, ים כנרת און ים המלח.

מי מרום ליעגט אין צפֿון-טייל פֿון ירדן מיט 2 מעטר העכער פֿון דער ים-אויבערפֿלעכע. דאָס איז אַ קליינע אָזיערע אונגעפֿעהר 5,8 קיל. לאַנג און 5,2 קיל. ברייט. אין דרום-טייל איז עס שמאָל און פֿערברייטערט זיך צו צפֿון, וואו עס געהט איבער אין אַ גרויסען זומפּ—ח ו ל ה. אונטער דעם נאָמען חולה פֿערשטעהט מען אָפֿטמאָל נישט נאָר דעם זומפּ, נאָר אויך די אָזיערע. מי מרום איז רייך אין פֿיש, זיינע וואַסערן זענען זיס און גוט צום טרינקען. זומער-צייט ווערט עס שטאַרק אויס-

געטרוקענט און פֿערוואָנדעלט זיך אין אַ גרויסען זומפּ.

יַם כִּנֶּרֶת ליגט 61 קילאָמעטער צו דרום פֿון מי מרום מיט 208 מעטער נידריגער פֿון דער ים-אויבערפֿלעכע. דאָס איז שוין אַ גרויסע אָזיערע ביז 20 קיל. לאַנג און 9 קיל. ברייט. איהר נאָמען האָט זי בעקומען צוליעב איהר פֿאָרם, וועלכע דערמאָנט אַן האַרפֿע. אין זיין צפֿון-טייל דערגרייכט דער ים כנרת זיין העכסטער טיעפֿקייט (48 מעטער). זיינע וואַסערען זענען אויך זיס, גוט צום טרינקען און רייך אין פֿיש, די ברעגעס זענען זעהר גוט בעוואַסערט און פֿרוכטבאַר. אין די אַמאָליגע צייטען זענען אויף די ברעגעס פֿון ים כנרת געשטאַנען פֿיעל גרויסע שטעדט און דערפֿער, יעצט אָבער זענען פֿון זיי געבליבען נור חורבות.

יַם הַמֶּלַח איז די גרעסטע אָזיערע אין לאַנד, ליגט אויף אַ טיעף פֿון 393,8 מעטער אונטער דער ים-אויבערפֿלעכע. זיין לענג פֿון צפֿון צו דרום דערגרייכט ביז 78 קיל. און זיין העכסטע ברייט ביז 17 קיל. זיינע ברעגעס זענען ווייניג פֿערצווייגט, און נור אין איין אָרט בילדעט דער ברעג אַ האַלב-אינזעל—הלשון. פֿאַר דער בעוואַסערונג פֿון לאַנד האָט דער ים המלח קיין שום בעדייטונג נישט, ווייל זיינע וואַסערען ענטהאַלטען אין זיך אַ גרויסען פּראָצענט (22%) פֿון פֿערשידענע - זאַלצען. יעדען טאָג ברענגט דער ירדן אין דעם ים המלח ביז $6^1/_2$ מיליאָן קוביק מעטער וואַסער; כמעט דעם זעלבען קוואַנטום ברענגען אויך אַנדערע צופֿלוסען פֿון ים. דאָס וואַסער אָבער פֿאַרעט אין משך פֿון טאָג אויס נישט ברענגענדיג קיין שום נוצען דעם באָדען. די ברעגעס פֿון ים המלח זענען איינגאַנצען וויסט און נאַקעט.

פֿון די איינצעלנע אָזיערעס אין צפֿון ארץ - ישראל איז די גרעסטע בירקעט-ער-ראַם. זי ליגט אין צפֿון-מזרח פֿון מי-מרום אין אַ טיעפֿען טאָל. זי האָט ביז 2 קילאָמעטער אין אומפֿאַנג און ביז 50 מעטער אין דער טיעף. אַלע וואַסערן פֿון דעם אַרומיגען טאָל פֿליסען אריין אין דער אָזיערע.

## V. דער קלימאַט.

§ 22 ארץ-ישראל ליגט אין אונטערטראָפּישן קלי-
מאַט-פּאַס. פֿערשידענע טיילען פֿון לאַנד האָבען אָבער, צוליב
דער פֿערשיעדענאַרטיגקייט פֿון דער אויבערפֿלעכע, פֿערשידענע
קלימאַטען. די נידערפֿלעכע ביים ים האָט אונגעפֿעהר דעמזעל-
בען קלימאַט, וואָס אַנדערע לענדער פֿון מיטעללענדישען ים-
ברעג. די מיטעליעהרליכע טעמפּעראַטור דערגרייכט דאָ ביז
+20° צעלזיוס; ווינטער פֿאַלט דאָ כמעט קיינמאָל נישט קיין
שניי. דער קלימאַט פֿון מערב׳דיגען בערגלאַנד איז שוין קיה-
לער. אין ירושלים פֿאַלט די מיטעליעהרליכע טעמפּעראַטור ביז
+17° צעל. און אין גליל איז זי נאָך נידריגער. ווינטער-צייט
פֿאַלט דאָ אָפֿט שניי, וועלכער ליגט אויף די העכערע בערג
זאָגאַר איינינע וואָכען לאַנג. דער ירדן-טאָל האָט אַ פֿאָלקאָם
טראָפּישען קלימאַט. שוין אין מאַי דערגרייכט די טעמפּעראַטור
אויף דעם צפֿון-ברעג פֿון ים המלח ביז +43° צעל. אין שאָטען.
די מיטעליעהרליכע טעמפּעראַטור פֿון דעם טייל טאָל דער-
גרייכט ביז +24° צעל. ד. ה. זי ענטשפּרעכט אונגעפֿעהר דעם
קלימאַט פֿון נוביען (אין צענטראַל-אַפֿריקאַ). די מזרח - טיילען
פֿון לאַנד האָבען כמעט דעמזעלבען קלימאַט, וואָס דאָס מערב׳-
דיגע בערגלאַנד; ער איז נור דאָרט מעהר קאָנטינענטאַל.

§ 23 קיין צוטיילונג אויף 4 יאָהר-צייטען עקזיסטירט
אין ארץ-ישראל נישט. דער יאָהר טיילט זיך דאָ אויף 1) אַ
הייסען טרוקענעם זומער און 2) אַ רעגענדיגען
ווינטער. אין משך פֿון גאַנצען זומער פֿאַלט נישט אַרויס
כמעט קיין איין טראָפּען רעגען. דער הימעל איז דאַן בלוי און
ריין פֿון וואָלקענס; די זון גליעט אָן דעם באָדען און ברענט
אויס כמעט אַלע געוויקסען; נור אַ שטאַרקער טוי דערפֿרישט
יעדען פֿרימאָרגען דעם דורשטיגען באָדען. די טעמפּעראַטור
דערגרייכט זומער-צייט ביז +30°—+32° צעלז. אין דער ני-
דערפֿלעכע און ביז +26° אין די בערג-טיילען. כאַראַקטעריס-
טיש איז אויך פֿאַר ארץ-ישראל דער שטאַרקער אונטערשיעד
אין טעמפּעראַטור פֿון נאַכט און טאָג; אָפֿטמאָל דערגרייכט ער
כמעט ביז 20° אַזוי, אַז נאָך אַ הייסען טאָג קומט אַ פֿערהעל-

טעמפּעראַטור טעמעסיג קאַלטע נאַכט. אַם בעמערקבאַרסטען איז דער אונ־טערשיעד זומער־צייט, הויפּטזעכליך אין די מזרח־געביטען. רער אָנהויב און סוף פון זומער איז אין פערשידענע טיילען פון לאַנד פערשידען. אין די בערג־טיילען הויבט זיך אָן דער זומער אין מאַי און דויערט ביז אָקטאָבער, אין דער נידערפלעכע איז דער זומער לענגער, אַם לענגסטען איז ער אין דעם ירדן־טאָל. אונגעפעהר אין אָנהויב אָקטאָבער הויבט זיך אָן דער ווינטער —די רעגען־צייט. דאַן פאַלט אַרויס דער ערשטער שטאַרקער רעגען (ער טראָגט דעם נאָמען „יורה"). ער דויערט געוועהנ־ליך איינציגע טעג און נאָך איהם פאַלען שוין אָפט רעגענס. די טרוקענע טעג פון אָנהויב ווינטער ווערען אויסגענוצט דורך די ערד־אַרבייטער צום אַקערען און זייען. די שטאַרקסטע רע־גענס פאַלען אַרויס אין דעצעמבער און יאַנואַר. די מענגען ציסטערנען ווערען דאַן פערפולט מיט רעגענוואַסער, די וואַדיס און טייכלעך, וועלכע זענען זומער זעהר קליין אָדער אינגאַנ־צען טרוקען, פערוואַנדלען זיך דאַן אין שטאַרקע ווילד־רוי־שענדע שטראָמען, וועלכע פאַלען אַריין מיט אַ גרויסער קראַפט אין ים. אין די העכערע טיילען פון לאַנד פאַלט אַרויס ווינטער חוץ רעגען אויך שניי און האָגעל. אין די הויכע געגענדען פון גולן ליעגט דער שניי זאָגאַר איינציגע וואָכען און די שפּיצען פון די בערג חרמון זענען בעדעקט מיט אייביגען שניי.

ווינטער איז די בעסטע צייט אין ארץ־ישראל. די גאַנצע נאַטור לעבט דאַן אויף. די טאָלען און בערג ווערען בעדעקט מיט מאַסען שענע פערשידענאַרטיגע בלומען. די פעלדער ווע־רען בעאַקערט, פערזייט און בעדעקט מיט פערשידענע תּבוּאוֹת, אין די גערטנער בליהען די פרוכטבוימער.

פון פעברואַר אָן פערקלענערט זיך די צאָהל רעגען־טעג, דאָס וועטער ווערט פיעל וואַרימער. ענדע מערץ פאַלט אַרויס דער לעצטער שטאַרקער רעגען („מלקוש") און נאָך איהם פאַ־לען נור זעלטען קליינע רעגענס. די צאָהל רעגען־טעג אין משך פון אַ יאָהר איז זעהר גרויס, אין ירושלים צ. ב. דער־גרייכט זי ביז 192 טעג (די ציפער איז אַ דורכשניטליכע פון איינציגע יאָהר). פון מערץ ביז מאַי שטייגט די טעמפּעראַטור זעהר שנעל און עס הויבט זיך אָן דער טרוקענער זומער.

די רעגעלמעסיגקייט פון די רעגענס האט א גרויסע בע-דייטונג פאר דער אגריקולטור אין לאנד. דאן, ווען אין אנ-דערע לענדער איז שווער פאראויסצוזעהן ווען ס׳וועט ארויס-פאלען דער רעגען, ווייסט דער ארץ-ישראל׳-ערד - ארבייטער אונגעפעהר די צייט פון ערשטען שטארקען רעגען, נאך וועל-כען ער קען שוין צוטרעטען צו די פעלד-ארבייטען. און האט אויך נישט קיין מורא אז זיינע פעלדער זאלען ליידען פון מאנגעל אין וואסער.

§ 24 א שטארקען איינפלוס אויף דעם קלימאט פון לאנד האבען די ווינטען, וועלכע בלאזען דא אין פערשידענע ריכטונגען. די הויפט-ווינטען פון לאנד זענען פאסאטען און מוסאנען. די ערשטע בלאזען הויפטזעכליך זומער אין דער דרום-און דרום-מזרח-ריכטונג; זיי זענען טרוקען. די מוסאנען בלאזען ווינטער פון מערב און דרום-מערב; זיי זענען פייכט און ברענגען מיט זיך רעגען. א גרויסע בעדייטונג האבען פאר דעם לאנד די שטענדיגע מערב-ווינטען, וועלכע בלאזען פון ים צו דער יבשה און ברענגען זעהר פיעל קילהייט. אם אנ-גענעהמסטען און וויכטיגסטען זענען זיי זומער, ווען זיי ברענ-גען מיט זיך פיעל פרישקייט אין די שטיקענדע לופט. ביי-נאכט בלאזען די ווינטען אין א פערקעהרטער ריכטונג ד. ה. פון דער יבשה צום ים. די פעריאדישקייט פון די ווינטען ערקלערט זיך דערמיט, וואס בייטאג ווערט די ערד שנעלער אנגעווארעמט ווי דאס וואסער און ביינאכט ווערט זי שנע-לער אבגעקיהלט. אין ירדן-טאל בלאזען די ווינטען בייטאג פון דרום צו צפון (ד. ה. פון דעם ים המלח און דעם ירדן-טאל) און ביינאכט אין דער פערקעהרטער ריכטונג. פיעל שא-דען ברענגט דעם לאנד דער הייסער דרום-מזרח-ווינט („סיראקא"). די לופט ווערט בעת זיין בלאזען פול מיט זעהר א דינעם שטויב, די טעמפעראטור שטייגט אפטמאל ביז $+40^0$ צעלז. די מענשען און חיות ווערען אבגעשוואכט, פיעל פלאנ-צונגען שטארבען אפטמאל איינגאנצען אב. דער „סיראקא" בלאזט אין אנפאנג און סוף ווינטער (אונגעפעהר אין אקטאבער און אפריל) און דויערט איניגע טעג.

§ 25 די געזונדהייט-פערהעלטענישען.

דער קלימאַט פון ארץ-ישראל איז אין אַלגעמיין געזונד. אַמ-געזונדסטען זענען די בערג-טיילען פון לאַנד. די טאָלען זע-נען מייסטענס זומפיג און אונגעזונד. אָפטמאָל הערשט אין זיי דער פיבער. דער לעצטער איז די הויפט-קראַנקהייט פון לאַנד; ער איז פערשפרייט כמעט אין אַלע טאָלען, אין פיעל ערטער פון דער נידערפלעכע און אין אַ סך שטעדט. מען קעמפט מיט איהם זעהר גינסטיג דורך גראָבען קאַנאַלען און פלאַנצען אייקאַליפטוס-בוימער. אייקאַליפטוס-וועלדער געפינען זיך אין פערשידענע יודישע קאָלאָניעס, (אַ גרויסער אייקאַליפטוס-וואַלד איז דאָ אין דער קאָלאָניע חדרה).

די צווייטע הויפט-קראַנקהייט פון לאַנד איז טראַכאָמע. דער גרויסער פראָצענט פון קראַנקע אויף טראַכאָמע ערקלערט זיך מיט דעם העלען שיין פון דער זון און, הויפטזעכליך, מיט דער אומריינקייט פון די איינוואוינער. פון די אָנשטע-קענדע קראַנקהייטען טרעפען זיך אין ארץ-ישראל מאָזלען, פאָקען, קרעץ און דיפטעריט. די אַלע קראַנקהייטען זענען אָבער זעהר ווייניג פערשפרייט אין לאַנד. זעהר געזונד איז דער קלימאַט פאַר די לונגען-קראַנקע. לונגען-קראַנקהייטען טרעפען זיך אין ארץ-ישראל כמעט אינגאַנצען נישט. אין אַל-געמיין קען מען זאָגען, אַז די געזונדהייטס-פערהעלטענישען פון לאַנד זענען ענג פערבונדען מיט זיין ענטוויקלונג. ווען די זומפען וועלען ווערען אויסגעטריקענט, די שטעדט אויסגעריי-ניגט פון שמוץ און אונריינקייטען, עס וועלען דורכגעפיהרט ווערען וואַסערלייטונגען מיט ריין, געזונד וואַסער — דאַן וועט ארץ-ישראל פערוואַנדעלט ווערען אין איינע פון די גע-זונדסטע לענדער.

## VI. דער באָדען.

§ 26 אונטער דער ווירקונג פון פערשידענע אַטמאָ-ספערישע ערשיינונגען, האָט זיך פון דעם פייכטען אונטערבאָ-דען געבילדעט דער באָדען פון ארץ-ישראל. די בערג זענען בעדעקט געוואָרען מיט ווייכען רויטען לייט („חמרא"), וועל-כער פערהאַלט זיך אומעטום, וואו עס איז נאָר מעגליך אַזוי, אַז עס קענען איהם נישט אַוועקטראָגען די שנעלע טייכלעך

און שטאַרקע ווינטען. אין אַלטערטום האָט מען ספּעציעל געבויט אויף די זייטען פֿון די בערג טעראַסען, כדי צו פֿעסטיגען דעם באָדען. יעצט זענען די טעראַסען צושטערט און נור אין איינציגע ערטער זענען געבליבען שפּורען פֿון זיי. אין דער נידערפֿלעכע ביים ים איז דער באָדען זאַמדיג. ער בעשטעהט דאָ פֿון אַ מישונג פֿון רויטליכען זאַמד מיט רויטען ליים. דער דאָזיגער באָדען איז זעהר גוט פֿאַר פֿלאַנצונגען און פֿרוכט-בוימער. אין זומפּיגע טיילען פֿון דער נידערפֿלעכע, ווי אויך אין די זומפּיגע טאָלען איז דער באָדען רייך אין אָרגאַנישע איבערבלייבענישען און איז דערפֿאַר זעהר פֿרוכטבאַר. גאַנץ אַנדערש איז דער באָדען פֿון צפֿון-מזרח-ארץ-ישראל. דאָ בעשטעהט ער פֿון צושאָטענעם באַזאַלט און לאַווע און איז זעהר פֿרוכטבאַר. אַזאַ באַזאַלט-באָדען געפֿינט זיך אויך אין דעם טאָל יזרעאל און אין איינציגע טיילען פֿון מואב. דער גרעסטער טייל פֿון באָדען איז יעצט צוליעב דער וויסטקייט פֿון לאַנד זעהר פֿערשטיינערט און עס קאָסט פֿיעל מיה איהם צום ערשטען מאָל צו בעאַרבייטען.

§ 27 זעהר פֿרוכטבאַר איז דער באָדען פֿון ארץ-ישראל נישט. אין יהודה ביי גוטע בעוואַסערונג גיעט דער ווייץ 4 מאָל אַזוי פֿיעל און דער גערשטען 5 מאָל. פֿיעל פֿרוכטבאַרער זענען די געגענדען פֿון גליל און די נידערפֿלעכע ביים ים. אין די דייטשע קאָלאָניעס אין דעם טאל השרון גיעט דער ווייץ 8 מאָל אַזוי פֿיעל און דער גערשטען אַפֿילו 15 מאָל מעהר. זעהר פֿרוכטבאַר איז די געגענד פֿון בשן, וואו דער ווייץ גיעט זעהר רייכע גערעטענישען (40, 60 און אַמאָל 100 מאָל מעהר). אינגאַנצען אונפֿרוכטבאַר זענען נור די געגענדען פֿון ים המלח. אין אַלגעמיין קען מען אָבער זאָגען, אַז דער באָדען פֿון ארץ-ישראל איז מעהר צוגעפּאַסט צו פּלאַנטאַציעס ווי צו ערד-אַרבייט און ביי אַ גוטער בעאַרבייטונג און גענוגענדער בעוואַסערונג קען גאַנץ ארץ-ישראל פֿערוואַנדעלט ווערען אין איין גרויסען פּרעכטיגען גאָרטען.

---

# VII. דִי פֿלאָרא.

§ 28 פֿאַר דער פֿלאָראַ פֿון ארץ-ישראל אִיז זעהר כאַראַקטערִיסטִיש דִי גרויסע פֿערשִידענאַרטִיגקייט פֿון געוויִקסען. אויף אַ קליינעם שטח ערד בעגעגענט מען דאָ געוויִקסען פֿון פֿערשִידענע לענדער אַזוי וואַרִימע (פֿאַלמען, באַנאַנען) ווִי קאַלטע (סאָסנעס, פִּינִיעס). ארץ-ישראל אִיז אָרִים אִין וועלדער. פֿון דִי אַמאָלִיגע וועלדער, וועלכע האָבען בעדעקט דאָס לאַנד זענען אִיבערגעבלִיבען נאָר איינצעלנע גרופּען, וועלכע בעדעקען אייניִגע טיילען פֿון כרמל, איינצעלנע בערג פֿון גליל, גלעד, דעם חרמון, דִי בערג פֿון חרון (בשן). אִין יהודה און שומרון אִיז אִינגאַנצען קיין וועלדער נִישטאָ. דִי וואַלד-בוימער זענען מערהרסטענטיילס נִידרִיג און קענען נִישט דִיענען אַלס בוי-מאַטעריאַל. הויכע וועלדער טרעפֿען זִיך נור אִין מזרח-ארץ-ישראל. אִין זייער גרעסטען טייל בעשטעהען דִי וועלדער פֿון שטענדִיג-גרִינע בלעטער-בוימער אַם מייסטען דעמבענע, פִּיסטאַשקעס-בוימער, זִילבער-טאָפּאָלען, טערפּענטִינען-בוימער (אַלאַה), באָקסער-בוימער און אַנד. אִין דִי קעלטערע און פֿייכטערע געגענדען וואַקסען פֿערשִידענע נאָדעל-בוימער ווִי סאָסנעס, פִּינִיעס (תורנית), צִיפּרִיסען, זעלטען יאָלקעס. כאַראַקטערִיסטִיש זענען פֿאַר דִי בערג פֿון ארץ-ישראל דִי אייבִיג-גרִינע קושאַקעס, וועלכע בעדעקען גרויסע שטחים פֿון לאַנד. עס אִיז אִינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז דִי סבות, צולִיב וועלכע דִי קושאַקעס וואַקסען נִישט אויס אִין אַ גרויסען וואַלד, בעשטעהען דערִין, וואָס דִי פִּילע סטאַדעס פֿון צִיגען, וועלכע פּאַשען זִיך אויף דִי בערג, רייסען אָב דִי פֿרִישע שפּראָצונגען און דערלאָזען נִישט אַזוי אַרום דעם בוים צו ענטוויִקלען זִיך. צווִישען דִי דאָזִיגע קושאַקעס טרעפֿען זִיך חוץ דִי שוין אִיבענדערמאָנטע בוימער אויך מִילגרוימען, מִירטען (מור), ווִילדע איילבִירט-בוימער, לאָבער, באַקסער (חריק) און אַנד. אִין דִי טאָלען געפִינען זִיך פִּיעל קליינע לאָנקעס בעדעקט מִיט אייניאָהרִיגע גראָזען, קושאַקעס און צִיבעלעס-געוויִקסען. עס טרעפֿען זִיך דאָרט זעהר אָפֿט פֿערשִידענע לִיליען (לִיליע, היאַצִינט, טיולפּאַן, נאַרצִיז און אַנד.), ווִי אויך לופִּין, קלעווער,

כריזאַנטעמע, זשערזאַניען און אַנד. אין דרום און מזרח פֿון לאַנד ווי אויך אין כאָל פֿון ירדן פֿערברייטערען זיך די לאָנקעס אין גרעסערע גראָז-סטעפּען, וועלכע געהען אין דרום-און מזרח-טייל‑ לען איבער אין אַ פֿאָלקאָמען מדבר. אין די זומפּיגע געגענדען וואַקסען פֿערשידענע הויכגראָזען (קנה), אָלעאַנדרען, פּאַפּירוסען (גמא) צוקער-ראָהרען און אַנד. איבער'ן גאַנצען לאַנד זענען פֿערשפּרייט גרעסערע אָדער קלענערע גרופּען פֿון ווילדע אייל‑ בירט-בוימער, פֿייגען, טוטענבוימער (תות), אַבריקאָסען, מיל‑ גרוימען, מאַנדלען, פֿערשידענע סאָרטען פּאָמעראַנצען, ציטרי‑ נען און אַנדערע. ווייניגער פֿערשפּרייט זענען מיטעל-אייראָפּע‑ אישע פֿרוכט-בוימער ווי עפּעל, פֿלוימען, באַרנעס און אַנד., ווי אויך טראָפּישע געוויקסען ווי באַנאַנען, פֿיניקען, קאַשטאַ‑ נען און נוס-בוימער. אין דער נידערפֿלעכע ביים ים זענען פֿער‑ שפּרייט סיקאַמאָרען (שקמה—מוילבערפֿייגען-בוימער). צווישען די פֿרוכט-קזשאַקעס פֿערנעהמט דעם ערשטען אָרט דער וויינ‑ טרויב. פֿיעל פֿרוכט-בוימער ווערען קולטיווירט, און גרויסע שטחים אין פֿערשידענע טיילען פֿון לאַנד זענען בעדעקט מיט גרויסע און שענע גערטנער פֿון פּאָמעראַנצען, ציטרינען, אייל‑ בירט-בוימער, וויינטרויבען און אַנדערע פֿרוכט-בוימער. חוץ די אַלע אָרטיגע געוויקסען ווערען אין לאַנד קולטיווירט אויך פֿערשידענע פֿרעמדע געוויקסען ווי טיי, אייקאַליפּטוס-בוימער און אַנד. די לעצטע ברענגען אַ גרויסען נוצען דעם לאַנד דורך דעם, וואָס זיי זויגען אויס אַ סך וואַסער פֿון באָדען און טריקענען איהם אַזוי אַרום אויס. דעריבער ווערען פֿיעל זומ‑ פּיגע געגענדען פֿערפֿלאַנצט דורך אייקאַליפּטוס-בוימער. זיי וואַקסען זעהר שנעל און גיבען אַ גוטען בוי-מאַטעריאַל. *)

§ 29 איבער'ן גאַנצען לאַנד זענען אויך פֿערשפּרייט פֿערשידענע ירקות ווי: קאַרטאָפֿעל, ציבעלעס, קרויט, פּאָמידאָ‑ רען, רעטאַך, פֿעפֿער, בוראַקעס און פֿיעל אַנדערע. די לעצטע צייט האָט מען אָנגעהויבען צו זייען מאָהן און פֿלאַנצען טאַ‑ באַק, פֿלאַקס און קאָנאָפּלע.

פֿון די פֿעלד-געוויקסען זענען פֿערשפּרייט ווייץ, גער‑

*) די אַראַבער רופֿען אָן דעם אייקאַליפּטוס—דער יודישער בוים, וויל יודען האָבען איהם צום ערשטען מאָל אַריינגעפֿיהרט אין לאַנד.

שטעהן, האָבער, קוקורוזע און דורראַ (אָדער סאָרגאָ). ווייץ זיי-
עט מען מייסטענס אִין בשן, פֿון וואַנען ער ווערט אִין גרוי-
סע מאַסען אַרויסגעפֿיִהרט. דער ארץ-ישראל-ווייץ ווערט הויפּט-
זעכלִיך בענוצט אויף דער אויסאַרבייטונג פֿון מאַקאַראָנען, גרוי-
סע פֿאַבריִקען פֿון וועלכע עס געפֿינען זיִך אִין איִטאַליען. מיִט
גערשטען זענען פֿערזייעט גרויסע שטחים אִין דיִ אומגעגענדען
פֿון עזה. מאַסען גערשטען געהען אויף אויסאַרבייטען ביִער.
האָבער ווערט וויינִיג געזייעט כמעט אויסשליִסליִך אִין דיִ דייט-
שע קאָלאָניעס. דורראַ איִז זעהר פֿערשפּרייט אִין לאַנד. עס
דיִענט אַלס ערנעהרונגס-מיִטעל פֿאַר דער אָריִמער בעפֿעלקע-
רונג. קוקורוזע אָדער מאַיס איִז אויך פֿערשפּרייט אִין לאַנד
און דיִענט אַלס ערנעהרונגס-מיִטעל. חוץ דעם זעצט מען אִין
דיִ דערפֿער אויך אַרבעס, פֿאַסאָלעס, אַרבוזען און אַנד. אויף
דיִ ברעגען פֿון דיִ פֿעלדער און גערטנער וואַקסען פֿערשיִעדע-
נע קאַקטוסען, וועלכע גיִבען אַרויס זיִסע פֿרוכטען.

§ 30 ענדליִך געפֿיִנען זיִך אִין ארץ-ישראל אִין אַ וויִל-
דען צושטאַנד נאָך פֿיִעל אַנדערע נוצליִכע געוויִקסען. צו זיי
געהערען: דער ריִציִנען-בוים, וועלכער גיִעט-אַרויס ריִציִנאייל,
מיענטע, זענעפּט, שטשאַוו און אַנד. פֿיִעל שאָדען ברענגען אִין
דיִ פֿעלדער און גערטנער דיִ שעדליִכע גראָזען, וועלכע פֿער-
ניִכטען פֿערשיִדענע געוויִקסען. צו זיי געהערען: זואַן (געפֿעהר-
ליִך פֿאַר ווייץ), סיִלפֿאַ, איִנדזשיִל און סאַיד (פֿערדאַרבען דעם
וויינטרויב) און פֿיִעל אַנדערע.

§ 31 דיִ גאַנצע פֿלאַנצען-וועלט פֿון ארץ-ישראל צו-
טיילט זיִך צוויִשען 4 הויפּט-טיילען פֿון לאַנד מעהר-ווענִיגער
אויפ׳ן פֿאָלגענדען אופֿן: דיִ ניִדערפֿלעכע ביים ים האָט אונגע-
פֿעהר דיִ פֿלאָראַ פֿון דיִ לענדער פֿון מיִטעללענדיִשען ים-ברעג.
דאָ וואַקסען שטענדיִג-גריִנע קזשאַקעס, איילביִרט-בוימער, מיִר-
טען, אָלעאַנדרען, פֿערשיִדענע פֿרוכט-בוימער און פֿיִעל פֿער-
שיִדענפֿאַרביִגע פֿריִהליִנגס-בלומען. אִין דרום-טייל ביי דער
שטאָדט עזה טרעפֿען זיִך אויך טייטלען (תמרים). דאָס מערבֿ-
דיִגע בערגלאַנד כאַראַקטעריִזיִרט זיִך מיִט פֿיִעל ניִדריִגע קזשאַ-
קעס, וועלכע בעדעקען דאָ דיִ זייטען פֿון דיִ בערג. אִין איי-
ניִגע ערטער דערהויבען זיִך דאָ אויך גרופּען פֿון גרעסערע

וואַלד-בוימער. צום פריהלינג ווערען די בערג בעדעקט מיט פיעל פערשידענאַרטיגע בלומען. דער ירדן-טאָל בעזיצט שוין אַ טראָפּישע פלאָרע. דאָ וואַקסען פּאַלמען (תמרים — ביי יריחו), עגיפּטישער באַלזאַם (אפרסמון), סדום-עפּעל און אין דרום-טייל נעהנטער צום ים המלח וואַקסען פערשידענע מדבר-געוויקסען. אין דעם טייל טאָל לאָזען זיך לייכט קולטיווירען פערשידענע נוצליכע טראָפּישע געוויקסען ווי קאַווע, טיי און אַנד. דער מזרח-טייל פון ארץ-ישראל איז אין אַלגעמיין עהנליך בנוגע דער פלאָראַ צום מערב׳דיגען בערגלאַנד. דאָ טרעפען זיך אָבער עפטער גרעסערע וועלדער, וועלכע בעדעקען די בערג פון בשן, גלעד און דעם חרמון.

## VIII. די פאַונע.

§ 32. אויך די חיות-וועלט פון ארץ-ישראל איז זעהר פערשידענאַרטיג. דאָ געפינען זיך פיעל חיות און פויגעל פון מיטעל-אייראָפּאַ ווי אויך פון צפון-אַפריקאַ. איבער׳ן גאַנצען לאַנד זענען פערשפרייט שאַקאַלען (תנים), וועלכע ברענגען אַ סך שאָדען אין די גערטנער און וויינגערטנער; היענעס (דביה), וועלכע פרעסען אויף די טויטע קערפּער פון חיות און פויגלען אין די פעלדער; אין פערשידענע טיילען פון לאַנד געהען אַרום קליינע גרופּען פון גאַזעלען (צבי); איבער די פעלדער זענען פערשפרייט קרעטען, איגלען, מייז, פעלדמייז, ווילדע קעץ, האָזען און אַנד.; אין די וועלדער טרעפען זיך אָפּט וועווערקעס, פוקסען און ווילדע חזרים. די לעצטע טרעפט מען מעהרסטענטייל אין די געדיכטע קזשאַקעס אויף די ברעגעס פון ירדן. אין די בערג טרעפען זיך באַרסוקען (שפן), שטיינבאָקען (איל); אויף די ברעגעס פון ים המלח בעגעגענט מען נאָך לעאָפּאַרדען (נמר). די לייבען און בערען, וועלכע זענען אַמאָל געווען זעהר פערשפרייט אין לאַנד, זענען יעצט אינגאַנצען פערשוואונדען. אין מזרח-טייל פון ארץ-ישראל טרעפען זיך נאָך ווילדע אייזלען. אין די אַראַבישע דערפער און אין די לעצטענס-געגרינדעטע קאָלאָניעס האָדעוועט מען פערשידענע הויז-חיות. צו זיי געהערען: אָקסען, פערד, אייזלען, מויל-אייזלען (פרד), הינד, קעץ און אַנד. די בעדואינער האַל-

טען גרויסע סטאַדעס שעפסען און ציעגען, הויפטזעכליך צוליעב זייער פלייש, מילך און פעל.

§ 33 די פויגעל-וועלט איז אין ארץ-ישראל אויך זעהר רייך. דאָ טרעפען זיך כמעט אַלע פייגעל פון דרום-אייראָפאַ און פאָדער-אַזיען. איבער׳ן גאַנצען לאַנד זענען פערשפרייט אָדלער׳ס, קאָרשונען (דיה), סאָקאָלען-פאַלקען (נץ), קראָהען; אין די גראָזען און קושאַקעס וואוינען לערכען, פשעפיורקעס, ווראָבלעס, נאַכטיגאַלען; אין די זומפיגע געגענדען טרעפען זיך שטאָרכען, פעליקאַנען (קאת), טשאַפלעס און אַנדערע זומפ-פויגעל. אויף די ברעגעס פון פערשידענע טייכלעך וואוינען פיעל ווילדע קאַטשקעס. צוויי-מאָל יעהרליך, אין סוף און אָנהויב זומער, פליהען אַדורך דורך ארץ-ישראל מענגען וואַנדער-פויגלען, וועלכע בלייבען אויף אַ געוויסע צייט אין לאַנד. אין די דערפער און קאָלאָניעס ווערען געהאָדעוועט פערשידענע הויז-פויגלען, ווי הינער, גענז, קאַטשקעס, טויבען און אַנד.

§ 34 זעהר פערשפרייט זענען איבער׳ן גאַנצען לאַנד פערשידענע שרצים. צו זיי געהערען: שלאַנגען (33 פערשידענע מינים, פון וועלכע איינינע זענען זעהר גיפטיג), יאַשטשערקעס (44 מינים), שילדקרויטען, כאַמעלעאָנען און אַנד. אין דעם נהר התנינים טרעפען זיך נאָך אַפריקאַנישע קראָקאָדילען (אין אַ קליינער צאָהל).

§ 35 אין די שטענדיגע טייכלעך און אָזיערעס וואוינען פערשידענע מינים פיש (ביז 43 מינים). רייך אין פיש זענען אויך די ברעגעס פון מיטעללענדישען ים. אין ים כנרת בעגעגענט מען פיש, וועלכע טרעפען זיך אין ערגעץ נישט.

§ 36 איבער די פעלדער זענען פערשפרייט פערשידענע ווירבעלאָזע חיות ווי: עקדעסען (עקרבים — זענען זעהר גיפטיג), היישעריקען און אַנד. דער היישעריק קומט פון צייט צו צייט (אונגעפעהר יעדע 40—50 יאָהר) אין קאָלאָסאַלע מאַסען (הויפטזעכליך פון אַראַביען), בעזעצט די פעלדער און פערניכטעט אַלע געוויקסען. אַזאַ אָנפאַל פון היישעריק איז לעצטענס פאָרגעקומען אין יאָהר 1915. גאַנצע וואָלקענס פון היישעריק זענען בעפאַלען דאָס לאַנד און אָבגע-

פרעסען אַלע געוויקסען, אַזוי אַז דאָס לאַנד איז געבליבען איינגאַנצען נאַקעט און וויסט.

§ 37 פערשפרייט אין לאַנד זענען אויך פיעל ווערם. צו זיי געהערען: פילאָקסעראַ, וועלכע פערניכטעט דעם וויינטרויב, פערשידענע פליגען, ביהנען, וועכפען, מאָסקיטען און אַנד; אַ גאַנץ יאָהר פליהען דאָ אַ־ום פערשידענע זומערפויגעלעך. אין די שטעדט און דערפער, הויפּטזעליך צווישען דער אַראַבישער און אָרטיגער יודישער בעפעלקערונג, זענען פערשפרייט פערשידענע פאַראַזיטען, הויפּטזעכליך פליי (אין טבריה, זאָגען די אַראַבער, וואוינט די מלכה פון די פליי).

# IX. די מינעראַלען.

§ 38 די מינעראַל-רייכטימער פון ארץ-ישראל זענען נאָך נישט גענוי אויסגעפאָרשט, רייך איז דאָס גאַנצע לאַנד אין קאַלך, פון וועלכען עס בעשטעהט דער גרעסטער טייל פון די בערג, ווי אויך אין פערשידענע זאַלצען (אין ים המלח און זיינע אומגעגענדען). צווישען די לעצטע פערנעמט דעם ערשטען אָרט דאָס קאָך-זאַלץ. צו דרום פון ים המלח געפינט זיך אַ גאַנצער באַרג פון ריינעם זאַלץ (די אַראַבער רופען איהם — דער באַרג פון סדום). די וואַסער'ן פון ים המלח ענטהאַלטען אין זיך אויך אַ זעהר גרויסען פראָצענט קאָך-זאַלץ, וועלכער ווערט אָבער אין אַ זעהר קליינער מאָס עקספּלואַטירט. חוץ דעם קאָך-זאַלץ ענטהאַלטען די וואַסער'ן פון ים המלח אויך אַ סך אַנדערע זאַלצען און מינעראַלען ווי: כלאָר, בראָם, נאַטריום, מאַגנעזיום, קאַליום און אַנד. — צוזאַמען ביז 28%. אַלע מינעראַלען ווערען ביז יעצט איינגאַנצען נישט אויסגענוצט.

אויף די וואַסערן פון ים המלח שווימען גרויסע שטיקער פון אַספאַלט, וועלכער געפינט זיך אויך אין אייניגע ערטער אויף זיין מערב-ברעג. דער אַספאַלט האָט זיך דאָ געבילדעט פון די מאַסען פיש, וועלכע זענען אַריינגעפאַלען אין ים פון דעם ירדן און די פיעלע אַנדערע טייכלעך און דאָרט פערגליווערט געוואָרען.

אין די אומגעגענדען פון ים-המלח, ווי אויך פון ים-

כנרת געפינט זיך אַ סך שוועבעל. אין מזרח-ארץ-ישראל געפינען זיך גרויסע זאַפּאַסען פון פערשידענע פאָספאַטען מיט זיער גרויסען פּראָצענט פאָספאָר. אין חרון האָט מען געפונען סעליטרע, אין די צפון-געביטען (אין טאָל פון טייך הצבני) — קוועקזילבער.

די אַלע רייכטימער פון לאַנד זענען ביז יעצט כמעט ווי נישט גערירט. אין מעטאַלען איז ארץ-ישראל אָרים. צומאָל זענען אויף דעם האַלבאינזעל סיני געווען גרובען פון קופּער און אין די בערג פון גלעד האָט מען געפונען רואינען פון אַמאָליגע אייזען-גרובען.

## X. די בעפעלקערונג (ביז 1,000,000*) מאַן.

§ 39 די בעפעלקערונג פון ארץ-ישראל איז זעהר פערשידענאַרטיג. אויף אַ קליינעם שטח ערד געפינען זיך דאָ פאָרשטעהער פון פערשידענע פעלקער און רעליגיעס מיט פערשידענע זיטען און שפּראַכען. אין משך פון די 18 הונדערט יאָהר, זייט יודען זענען פון ארץ-ישראל פערטריבען געוואָרען, זענען דאָרט פערשידענע פעלקער געוועזען. נאָך אין די יודישע צייטען האָבען שוין אין שמרון די שמרונים געוואוינט. שפּעטער זענען אין ארץ-ישראל געגרינדעט געוואָרען גריכישע און רוימישע קאָלאָניעס; אין VII יאָהר-הונדערט איז דאָס לאַנד פערנומען געוואָרען דורך די אַראַבער און טיילווייז דורך זיי בעזעצט געוואָרען; אין דער צייט פון די קרייץ-צוגען האָבען זיך דאָרט בעזעצט פיעל אייראָפּעער; נאָך דעם ווידער-איינגעהמען פונ'ם לאַנד דורך די אַראַבער, האָט זיך די איבריגע בעפעלקערונג טיילווייז אויסגעמישט צווישען זיי. די אַראַבער בילדען ביז יעצט די הויפּט-מאַסע פון דער בעפעלקערונג. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען מוסולמענער. דעם צווייטען לויט דער צאָהל אָרט פערנעהמען די יודען. חוץ דעם וואוינען אין זיי קלענערער צאָהל אויך גריכען, אַרמענער, טערקען, אַבעסיניער, פּערסען, טשערקעסען, ציגיינער און קליינע גרופּען פון פערשידענע אייראָפּעאישע פעלקער. די הויפּט-

* די אַלע ציפערן זענען פון פאַר דער מלחמה און זענען נישט קיין גענויע, ווייל אין טערקיי האָט נישט עקזיסטירט קיין גענויע סטאַטיסטיק.

רעליגיע פון דער בעפעלקערונג איז די מחמד׳אַנישע; די הויפּט-שפּראַך — אַראַבּיש.

40 § די אַראַבער. (ביז 700,000 מאַן). די אַראַבער טיילען זיך אין 3 גרופּען: די בעדואינער, די פּוערען-פעלאַכען און די שטאָדטישע אַראַבער. די בעדואינער זענען ריינע אַראַבער. דאָס זענען די אַמאָליגע בני-קדם, וואָס האבען שטענדיג געוואוינט אין דעם מדבר פון אַראַביען און סיריען. ביז דער יעצטיגער צייט זענען זיי וואַנדערער, בויען נישט קיין הייזער און וואוינען אין קליינע געצעלטען פון ציגען-פעל (בית-שער). זייער הויפּט-בעשעפטיגונג איז פיה-צוכט. פיעל פון זיי בעזיצען גרויסע סטאַדעס פון שאָף און קעמלען. איינציגע בעדואינישע שבטים פערנעהמען זיך ווינטער-צייט אויך מיט ערד-אַרבייט. זומער טראָגען זיי איבער זייערע געצעלטען אויף די בערג, ווינטער אין די טאָלען — נעהנטער צו זייערע פעלדער. הויפּטזעכליך וואַנדערן די בעדואינער אין דעם טאָל יזרעאל, אין ירדן-טאָל, אין גליל, אין דרום-טיילען פון ארץ-ישראל (פון וואַנען זיי וואַנדערן איבער יעדען ווינטער אין מיטעל-אַראַביען) און אין די געגענדען פון יענער זייט ירדן. די בעדואינער זענען נישט איבריג רעליגיעז, שטאָלץ, ערנסט און גאַסטפריינדליך. מיט אַלע הויז-אַרבייטען פערנעהמען זיך ביי זיי נור די פרויען, אין געזעלשאַפטליכען לעבען שפּילען אָבער די לעצטע קיין שום ראָלע נישט. די מענער פערנעהמען זיך נור מיט פיה-צוכט און רויבערייען.

די פעלאַכען זענען ערד-אַרבייטער. זיי שטאַמען פון די אַמאָליגע איינוואוינער פון לאַנד און די שפּעטער איינגעוואַנדערטע פעלקער. זיי וואוינען אין דערפער און פערנעהמען זיך מייסטענס מיט ערד-אַרבייט און פלאַנטאַציע. דאָס לאַנדווירטשאַפט ווערט אָבער ביי זיי געפיהרט זעהר פרימיטיוו. אַזוי ווי ביי די בעדואינער איז אויך ביי די פעלאַכען די פרוי זעהר פערשקלאַפט. די פעלאַכען זענען מייסטענס מוסולמענער; זענען זעהר פאַנאַטיש, אַבערגלויביש, האָבען אין לאַנד זעהר פיעל הייליגע קברים, זענען פויל און נישט עהרליך. אין רעליגיעזער הינזיכט צוטיילען זיי זיך אין פער-שידענע סעקטען ווי: מעטאַאוליער, דרוזען און אַנד. די מע-

טאַאול׳ער זענען די אַראַבישע קאַראַאימער. זיי האַלטען נור פון קאָראַן, און אַנערקענען נישט די צוגאַבען צו איהם. זיי וואוינען הויפּטזעכליך אין צפון-גליל. די דרוזען בילדען אַ גאַנץ בעזונדערע סעקטע. זיי פערהייליגען דעם עגיפּטישען קאַליף האַקים (996—1020) און גלויבען, אַז זיי זענען א אויסגע-וועהלט פאָלק, דורך וועלכען ס׳וועט קומען די ערלעזונג פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

חוץ פעלאַכען מוסולמענער געפינען זיך אין לאַנד אויך אַ סך פעלאַכען קריסטען, די לעצטע ווערען שטאַרק אונטער-געשטיצט דורך פערשידענע קריסטליכע געזעלשאַפטען און שטע-הען דאַדורך אין קולטורעלער הינזיכט העכער פון זייערע שכנים מחמד׳אַנער. דער גרעסטער טייל פון זיי געהערט צו דער גריכישער און קאַטולישער קירך. פּראָטעסטאַנטען געפינען זיך צווי-שען זיי וועניג. די פעלאַכען קריסטען שטאַמען פון דער אַמאָליגער קריסטליכער בעפעלקערונג פון ארץ-ישראל, וועלכע האָט דאָרט געוואוינט נאָך פאַר דער אַראַבישער איינוואַנדערונג, ווי אויך פון די אין לאַנד געבליבענע קרייצערס. זיי אַליין האַלטען זיך פאַר ריינע אַראַבער און רעדען צווישען זיך אַראַביש. צווישען די קריסטליכע סעקטען פערנעהמען דעם ערשטען אָרט די מאַ-ראָניטען. זיי וואוינען אין קאָמפּאַקטע מאַסען אין מיטעלען לבנון, וואו זיי האָבען בעקומען אַ דאַנק דער מיטהילף פון אייראָפּע-אישע מלוכות אַ אינערליכע אויטאָנאָמיע.*) אין רעליגיעזער הינ-זיכט שטעהען זיי נאָהנט צו די קאַטוליקען.

די שטאָדטישע אַראַבער זענען זעהר ענליך צו די פעלאַכען. אין די שטעדט געפינט זיך אָבער מעהר ריין אַראַבישע פאַמיליעס, ווי אין די דערפער. פיעל שטאָדטישע אַראַבער שטאַמען פון אַלטע אַראַבישע אַדעל-פאַמיליעס. צווי-שען זיך ריידען זיי אַלע אַראַביש און האַלטען זיך פאַר ריינע אַראַבער. פיעל פון זיי זענען זעהר רייך און זענען גרויסע לאַנד-בעזיצער.

§ 41 די יודען (ביז 115,000 מאַן). די יודישע בעפעלקערונג פון ארץ-ישראל איז זעהר פערשידענאַרטיג. דאָ

---

*) אין דער צייט פון מלחמה האָט מען זיי די אויטאָנאָמיע צוגענומען.

בעגעגענט מען פֿאָרשטעהער פֿון אַלע טיילען וועלט, פֿון פֿערשידענע לענדער און געגענדען, וואָס רעדען אויף פֿערשידענע שפּראַכען, האָבען פֿערשידענע מנהגים און האַלטען זיך אָפּטמאָל אָבגעזונדערט איינער פֿון אַנדערן. גענוי די צאָהל יודען קען מען נישט בעשטימען; מעהר-וועניג דערגרייכט זי ביז 115,000 מאַן.*) כמעט אַלע יודען וואוינען אין די שטעדט און נור ביז 12,000 מאַן וואוינען אין די לעצטענס געגרינדעטע קאָלאָניעס. לויט דער שפּראַך און אָבשטאַמונג ווערען אַלע יודען פֿון ארץ-ישראל געטיילט אין 3 הויפּט-גרופּען: די ספֿרדים, וועלכע רעדען צווישען זיך שפּאַניאָליש, די אַראַבישע יודען, וועלכע רעדען אַראַביש און די אַשכנזים, וועלכע רעדען מייסטענס יודיש.

**צו די ספֿרדישע** יודען (ביז 15,000 מאַן) געהערען אין ארץ-ישראל די יודען פֿון שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, גריכענלאַנד, בולגאַריען, סערביען, קאַווקאַז און מיטעל-אַזיען. זיי אַלע זענען טערקישע אונטערטאַנען, געניסען פֿון אַלע רעכט, האָבען אַ אייגענעם יודישען באַשי (אַנ'אויבער-רב—חכם-באַשי), וועלכער איז אַ פֿאָרשטעהער פֿון אַלע טערקישע יודען, אַנערקענט דורך דער רעגירונג, און וועלכער האָט זעהר ברייטע פֿאָלמאַכטען. אין אַלע גרעסערע שטעדט געפֿינט זיך אַ אָרטיגער חכם-באַשי, וועלכער פֿיהרט אָן (צוזאַמען מיט אַ ראַט—בית-דין) מיט אַלע יודישע ענינים פֿון זיין געגענד. די ספֿרדים בעקומען פֿון זייערע ברידער פֿון די גלות-לענדער זעהר פֿיעל געלד-שטיצעס, וועלכע געהען אויף פֿערשידענע תלמוד-תורות, געזעלשאַפֿטליכע אַנשטאַלטען און ד. ג. אָדער אויף די אויסהאַלטונג פֿון זייערע געלערנטע. די הויפּט-בעשעפֿטיגונג פֿון די ספֿרדישע יודען איז קליינהאַנדעל און האַנדווערקעריי ווי אויך פֿערשידענע שווערע אַרבייטען, די רייכערע פֿון זיי ווערען באַנקירען אָדער וואָכערערס. צווישען זיך ריידען זיי שפּאַניאָליש (אַ שפּאַנישער זשאַרגאָן). זיי זענען זעהר פֿאַנאַטיש און אַבערגלויביש. די יוגענד, וועלכע בזוכט די פֿראַנצויזישע שולען פֿון „Alliance Israelite" האָט איבערגענומען נור די אויסערליכע זייט פֿון איראָפּעאישער קולטור. די יונגע ספֿרדים בע-

*) אין יאָהר 1914 (לויט ד״ר רופּין).

מיהען זיך רעדען פראַנצויזיש, זיין עלעגאַנט אָנגעטהון און אין אַלעמען נאָכטהון די אייראָפּעער.

די אַראַבישע יודען טיילען זיך אין 3 גרופּען: די מזרח-יודען, די יודען פון צפון-אַפריקאַ (טוניס און אַלזשיר) און די יודען פון תימן. חוץ דעס געהערען צו זיי אויך די פּערסישע יודען.

די מזרח-יודען זענען די שטענדיגע איינוואוי-נער פון ארץ-ישראל, סיריען און ארם-נהרים, וועלכע האָבען אַלע מאָל אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט צוריקצוקעהרען זיך קיין ארץ-ישראל. אַ טייל פון זיי האָט זיך צונויפגעמישט מיט די ספרדים. צווישען זיך רעדען זיי אַראַביש, קליידען זיך אַזוי ווי די אַראַבער און זענען זעהר עהנליך צו זיי.

זעהר נאָהנט צו די מזרח-יודען זענען אויך די יו-דען פון טוניס און אַלזשיר. כמעט זיי אַלע זענען פראַנצויזישע אונטערטאַנען. די תימנ'ער (ביז 4000 מאַן) בילדען אַ גאַנץ בעזונדערע גרופּע. זיי זענען געקומען קיין ארץ-ישראל אין לעצטען יאָהרהונדערט פון תימן, וואו זיי האָבען געוואוינט אין משך פון טויזענדער יאָהרען. דער גרעסטער טייל פון זיי איז זעהר אָרים. זיי פערנעהמען זיך מיט פערשידענע שווערע אַרבייטען (די ערשטע שטיינהאַקערס אין ירושלים זענען געוועזען די תימנים), ווי אויך מיט בעטלעריי. אין קולטורעלער הינזיכט שטעהן זיי העכער פון אַנדערע אַראַ-בישע יודען. כמעט אַלע פון זיי קענען העברעאיש (ספרדיש) און פיעלע זייערע רבנים זענען גרויסע געלערנטע. דער גרעס-טער טייל פון די תימנים וואוינט אין ירושלים.

דיביידע גרופּען — די ספרדישע און אַראַבישע יודען, האָבען צווישען זיך פיעל געמיינזאַמעס. זיי רעדען מיט דעם זעלבען העברעאישען דיאַלעקט און האָבען אַ סך עהנליכע זי-טען און מנהגים. ביי די גרופּען איז פערשפּרייט פּאָליגאַמיע. גאַנץ אַנדערש זענען די אשכנזישע יודען.

צו די אַשכנזים געהערען די יודען פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ. זיי טיילען זיך אין פערשידענע קהלות לויט די לענדער פון וואַנען זיי שטאַמען. דאָ געפינען זיך יודען פון פער-שידענע געגענדען פון רוסלאַנד, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, אַמעריקאַ

און אַנדערע לענדער. כמעט אַלע זענען זיי פֿרעמדע אונטער־טאַנען*) און וואוינען דאָ אונטער דער שוץ פֿון די קאָנסולען פֿון די לענדער, פֿון וואַנען זיי שטאַמען. דער גרעסטער טייל פֿון די אַשכנזים לעבט פֿון דער אַזוי גערופֿענער „חלוקה". פֿון דער גאַנצער וועלט ווערען יעהרליך צוגעשיקט גרויסע געלד־סומען (אונגעפֿעהר ביז 5 מיליאָן פֿראַנק יעהרליך), וועלכע יעדע קהלה אין גלות שיקט פֿאַר איהרע אויסוואַנדערער קיין ארץ־ישראל. די אַלע געלדער געהען אַריין אין איין קאַסע („קופּת רבי מאיר בעל־נס"), וועלכע ווערט אָנגעפֿיהרט דורך אַ ועד פֿון די רייכסטע יודען פֿון ירושלים. קיין שום גענויע קאָנטראָלע איבער די געלדער איז נישטאָ. חוץ דער „חלוקה" לעבען די אַשכנזים אויך פֿון האַנדעל און האַנדווערקעריי. די לעצטע צייט זענען דורך די יודישע איינוואַנדערער געגרינדעט געוואָרען 43 לאַנדווירטשאַפֿטליכע קאָלאָניעס, אין וועלכע עס קומען אַרבייטען אויך יונגעלייט פֿון די שטעדט.

צו דער אַשכנזישער קהלה געהערען אויך די רוסישע גרים—רוסען, וועלכע האָבען אָנגענומען דעם יודישען גלויבען. זיי וואוינען מייסטענס אין ירושלים און אין די קאָלאָניעס.

אין ארץ־ישראל געפֿינען זיך אויך פֿאָרשטעהער פֿון אַלטע יודישע סעקטען. צו זיי געהערען ק אַ ר אַ א י מ ע ר און ש מ ר ו נ י ם. די צאָהל פֿון די קאַראַאימער איז אין ארץ־ישראל זעהר קליין. זיי האָבען אַן אייגענעם חכם־באַשי און אַ אייגענע שוהל. כמעט אַלע וואוינען זיי אין ירושלים. די שמרונים וואוינען אין ארץ־ישראל פֿון זעהר אַלטע צייטען. זיי האַלטען זיך שטרענג ביי די געזעצען פֿון דער תורה און ברענגען נאָך ביז דער לעצטער צייט קרבנות אויף דעם באַרג גריזים, נישט ווייט פֿון וועלכען עס וואוינען אַלע שמרונים (אין אַ בעזונדערן קוואַרטאַל אין שכם). צווישען זיך רעדען זיי אַראַביש, דאַוונען אָבער אויף העברע־איש, אָבער אַנדערש ווי די ספֿרדים און אשכנזים. זייער צאָהל איז זעהר אַ קליינע (ביז 170 מאַן) און זיי שטאַרבען ביס־

*) אין דער צייט פֿון דער מלחמה האָבען אַ טייל אשכנזים געמוזט אַלס פֿרעמדע אונטערטאַנען פֿערלאָזען דאָס לאַנד די איבריגע האָבען אָנגענומען די טערקישע אונטערטאַנשאַפֿט.

לעכווייז אויס צוליעב דעם מאַנגעל אין פרויען.

די גריכען און אַרמענער וואוינען הויפטזעכליך אין די שטעדט און פערנעהמען זיך מיט האַנדעל.

די טערקען געפינען זיך אין ארץ-ישראל אין זעהר אַ קליינע צאָהל, הויפטזעכליך אַלס רעגירונגס-בעאַמטע.

די טשערקעסען זענען געקומען קיין ארץ-ישראל פון בולגאַריען אין יאָהר 1878 און האָבען זיך בעזעצט אין גולן. דאָרט האָבען זיי געגרינדעט 12 שענע דערפער. זיי אַלע זענען מוסולמענער. זייער צאָהל דערגרייכט ביז 15000 מאַן.

חוץ דעם געפינען זיך אין ארץ-ישראל נאָך קליינע גרופען פון פיעל אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען זיך קאָנצענטרירט הויפטזעכליך נעבען די קריסטליכע הייליגקייטען. זיי פערנעמען זיך מייסטענס מיט האַנדעל. צו זיי געהערען אויך די קריסטליכע גייטטליכע. פון די אייראָפעאישע איינוואוינער זענען די גרעסטע די דייטשע. די דייטשען (אין צאָהל פון איבער 2000 מאַן) וואוינען אין פערשידענע שטעדט הויפטזעכליך אין ירושלים, יפו און חיפה, וואו זיי פערנעהמען זיך מיט האַנדעל און האַנדווערקעריי. זיי האָבען אויך געגרינדעט 5 לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס*) (צוזאַמען 36500 דונאַם**).

אין די שטעדט פון ארץ-ישראל וואוינען אויך נעגערס און ציגיינער. די ערשטע (אין זעהר אַ קליינע צאָהל) אַרבייטען אַלס היטער, וועכטער און טעגליכע אַרבייטער; די צווייטע וואַנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט און לעבען פון האַנדווערקעריי און שנאָרעריי. פיעל פון זיי זענען קאַוואַלעס.

## XI. די בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער.

§ 42 די הויפט-בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז לאַנדווירטשאַפט ד. ה. ערד-אַרבייט, גערטנעריי און פיה-צוכט. דער האַנדעל און אינדוסטריע שפילען נאָך אַ קליינע ראָלע

---

*) נאָך דער ענגלישער אָקופּאַציע האָבען אַלע דייטשען פערלאָזען דאָס לאַנד.

**) אַ דונאַם איז 1/4 פון אַ מאָרגע (איינגעפעהר).

אין לאַנד. אין אייניגע טיילען לאַנד איז ענטוויקעלט פֿישעריי און בערג-בוי.

§ 43 **די לאַנדווירטשאַפֿט.** נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די לאַנדווירטשאַפֿט איז די הויפּט-בעשעפֿטיגונג פֿון די איינוואוינער איז דאָך דער גרעסטער טייל פֿון ארץ-ישראל איינגאַנצען וויסט און נישט בעאַרבייט. נור 4 ביז 10 פּראָצענט פֿון באָדען ווערט אויסגענוצט. דער גרעסטער טייל פֿון לאַנד איז אָדער רעגירונגס-אייגענטום, אָדער עס געהערט צו גרויסע ערד-בעזיצער; נור אַ אונבעדייטענדער טייל פֿון באָדען געהערט צו פֿעלאַכען—ערד-אַרבייטער. די גרויסע ערד-בעזיצער פֿערפּאַכטען געוועהנליך זייערע טיילען די פֿעלאַכען, וועלכע צאָהלען זיי דערפֿאַר אין נאַטור (פֿון $\frac{1}{5}$ ביז $\frac{1}{2}$ פֿון שניט). דאָס דאָזיגע פּאַכט-סיסטעם איז זעהר שעדליך פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿט; דער פֿעלאַך וויסענדיג, אַז ער קען צו יעדער צייט זיין פֿערטריבען פֿון זיין ערד, וויל נישט אַריינלעגען פֿיעל כּחות אין איהר. אפֿילו דאָרט וואו די ערד געהערט צו די פֿעלאַכען זעלבסט, איז זי אַ אייגענטום פֿון דעם גאַנצען דאָרף און יעדער פֿעלאַך פֿון דעם דאָרף בעקומט יעדע 2 יאָהר אַן אַנדער שטיק באָדען*).

אין ארץ-ישראל עקזיסטירען אַלע 3 צווייגען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט: ערד-אַרבייט, גערטנעריי און פֿיה-צוכט.

§ 44 **ע ר ד - אַ ר ב יי ט.** די נאָרמאַלע גרויס פֿון אַ פֿעלאַכען-פֿעלד איז 100—250 דונאַם (ד. ה. 20—50 מאָרג). פֿיעל פֿון די פֿעלאַכען בעזיצען אָבער נישט מעהר פֿון 30 — 50 דונאַם (6—10 מאָרג). צוליעב די שווערע פּאַכט-בעדינגונגען און גרויסע שטייערן איז דער פֿעלאַך זעהר ערנידריגט, אָרים און אונקולטורעל. זיין ערד בעאַרבייט ער זעהר פּרימיטיוו. מעהרסטענפֿאַל איז זיין פֿעלד בעדעקט מיט שטיינער, נישט געמיסטיגט און נישט בעוואַסערט. אַלע זיינע לאַנדווירט-

*) דאָס דאָזיגע פּאַכט-סיסטעם האָט אָפֿטמאָל שטאַרק פֿערשווערט יודען צו קויפֿען ערד ביי די אַראַבישע גוט-בעזיצער און דערפֿער, וויל די פֿעלאַכען האָבען נישט געוואָלט פֿערלאָזען זייער ערד.

שאַפּטליכע כלים זענען זעהר פּרימיטיוו: דער אַקער איז אַ הי צערנער מיט אַ אייזערנעם שפּיץ, וועלכער רייסט אויף נור אַ דינע שיכט פון דעם באָדען, די תבואה שניידט דער פּע-לאַך מיט סערפּען און דרעשט עס מיט אַ שווערען הילצערען ברעט אָדער טרייבט איינפאַך איבער די צולעגטע תבואה עט-ליכע בהמות. נור ביי די יודישע און דייטשע קאָלאָניסטען זענען איינגעפיהרט די נייעסטע סיסטעמען פון ערד-אַרבייט. דער ערד-אַרבייטער איז אין ארץ-ישראל בעשעפטיגט דורכ'ן יאָהר. קיין ווינטער-רוה, אַזוי ווי אין די אייראָפּעאישע לענ-דער, האָט ער נישט. באַלד נאָך דעם ערשטען רעגען הויבען זיך אָן די פעלד-אַרבייטען. מען אַקערט די פעלדער און גרייט זיי צו צום זייען. פריהער פון אַלץ זייעט מען גערשטען, נאָכ-דעם לופין, ווייץ, סעזאַם און אַנד. די צייט פון זייען איז אין פערשידענע טיילען פון לאַנד פערשידען. אין דער נידערפלע-כע ביים ים שניידט מען שוין אין אַפּריל דעם גערשטען און לופין, אין מאַי שניידט מען ווייץ, אין אויגוסט—סעזאַם. אין משך פון מאַי ביז אָקטאָבער דרעשט מען די אַראָבגענומענע תבואה. דער אַרבייטס-טאָג דויערט מאַקסימום אין צייט פון שניט 14 שעה, דאַן ווען אין אייראָפּאַ דויערט ער אין דער זעל-בער צייט 17—18 שעה. די הויפּט פעלד-געוויקסען פון לאַנד זענען: ווייץ, גערשטען, דורראַ (אַ מין קאַשע), קוקורוזע (מאַיס), סעזאַם און רייז. חוץ דעם זעצט מען דאָ אויף די פעלדער אַרבוזען, מעלאָנען, טאָמאַטען, אוגערקעס, קאַרטאָפעל און אַנ-דערע ירקות. פון די האַנדעלס-געוויקסען זייעט מען אין אַ קליינער מאָס טאַבאַק, צוקער, קאָפּערעק און קאָנאָפּליע.

§ 45 גערטנעריי דינט הויפּטזעכליך אַלס נע-בען-בעשעפטיגונג ביי ערד-אַרבייט. פיעל פעלאַכען האָבען קליי-נע זיתים-גערטנער אַרום זייערע הייזער. גרעסערע פּלאַנטאַצ-יעס פון איילבירט-בוימער געפינען זיך אין איינינע טיילען פון גליל, שמרון און אין דער נידערפלעכע ביים ים. בעריהמט מיט זייערע זיתים-גערטנער זענען די געגענדען פון לוד און רמלה (יהודה). חוץ איילבירט-בוימער פּלאַנצט מען אין ארץ-ישראל אויך פּאָמעראַנצען, ציטרינען, וויינטרויבען און אַנד. גרעסערע באָיאַרעס (פּלאַנטאַציעס) פון פּאָמעראַנצען, ציטרינען און וויינ

טרויבען געפינען זיך אויך אין דער אומגעגענד פון יפו, די
וויינטרויבען-גערטנעריי איז זעהר ענטוויקעלט אין א-סלט,
חברון און אין די קאָלאָניעס, הויפטזעכליך אין די יודישע.
אין די לעצטע אַרבייט מען אויס פון די וויינטרויבען פערשידענע
סאָרטען וויין, וועלכער ווערט אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגע-
פיהרט פון לאַנד. בעריהמט איז דער גרויסער וויינ-קעלער אין
דער קאָלאָניע ראשון-לציון, וועלכער ווערט פעררעכענט צו
די גרעסטע וויינ-קעלערס אין דער וועלט. חוץ וויין ווערען
פון די וויינטרויבען געמאַכט ראָזינקעס (אין א-סלט). די לעצ-
טע ווערען אויך אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעפיהרט פון לאַנד.
ניטש קוקענדיג דערויף, וואָס די גערטנעריי איז נאָך
ביז יעצט פערהעלטענמעסיג שוואַך ענטוויקעלט אין לאַנד,
האָט זי אָבער, צוליעב די אייגענשאַפטען פון קלימאַט און באָ-
דען פון לאַנד, זעהר אַ גרויסע צוקונפט. פון יאָהר צו יאָהר
פערנעהמט די גערטנעריי אַלץ מעהר בעדייטענדען אָרט אין
דער לאַנדווירטשאַפט פון ארץ-ישראל.

§ 46 פיה-צוכט. קיין סיסטעמאַטישע פיה-צוכט
ווערט אין לאַנד כמעט ווי ניט געפיהרט. מיט האָדעווען
בהמות פערנעהמען זיך הויפטזעכליך די בעדואינער. זיי בע-
זיצען גרויסע סטאַדעס פון שאָף און ציגען. זיי האָדעווען
אויך פערד, מויל-אייזלען, אייזלען, קעמלען און קיה. די אַראַ-
בער-קריסטען האַלטען אויך חזירים. די קעמלען און אייזלען
זענען די אַרבייטס-בהמות ביי די בעדואינער; די שאָף און
ציגען ווערען געהאָדעוועט בלויז צוליעב פלייש, מילך און
פעל. די קיה זענען קליין און מאָגער און גיבען ווייניג מילך.
נור ביי די אייראָפעאישע, הויפטזעכליך דייטשע, קאָלאָניסטען
זענען די קיה פון בעסערען סאָרט. די דייטשע קאָלאָניסטען
פיהרען בכלל אַ ראַציאָנעלע פיה-צוכט. ביי זיי איז זעהר
ענטוויקעלט די מילך-ווירטשאַפט, וועלכע ברענגט זיי זעהר
אַ גוטען פערדינסט. די אַראַבער בענוצען הויפזעכליך ציגען-
און שאָף-מילך, פון וועלכער זיי אַרבייטען אויס פוטער און
קעז.

פויגעל-צוכט איז ווייניג ענטוויקעלט אין לאַנד
עס דינט נור אַלס נעבען-פערדינסט פון פעלאַך.

בינען-צוכט איז אויך שוואַך ענטוויקעלט. די אַראַבער פֿיהרען עס זעהר פּרימיטיוו. מאָדערן איז עס אַוועק-געשטעלט נור ביי די דייטשע און יודישע קאָלאָניסטען.

פֿישערײ. דער מיטעללענדישער-ים, ווי אויך די אינערלאַנדישע אָזיערעס (חוץ דעם ים המלח) און די טייכען פֿון ארץ-ישראל זענען רייך אין פֿיש. די פֿיש-רייכטימער ווערען אָבער ווי געהעריג נישט אויסגענוצט, און נור זעהר אַ קליי-נער טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג פֿון ים-ברעג און דעם ברעג פֿון ים כנרת פֿערנעהמט זיך מיט פֿישעריי.

בערג-בוי איז זעהר שוואַך ענטוויקעלט. די גרויסע זאַפּאַסען פֿון אַספֿאַלט און פֿערשידענע זאַלצען אין ים-המלח ווערען זעהר ווייניג אויסגענוצט. דאָס זאַלץ ווערט גענומען אָדער דירעקט פֿון דעם זאַלץ-באַרג דזשעבעל אוסדום) אָדער פֿון די וואַסערן פֿון ים-המלח. דאָס וואַסער ווערט אַריינגע-לאָזט אין ברייטע פֿלאַכע גריבער, וואו עס פאַרעט אויס און אויף דעם באָדען בלייבט אַ שיכט פֿון זאַלץ. חוץ דעם זאַלץ ווערען אויך עקספּלואַטירט די שטיין-רייכטימער פֿון אַנד. פּאַר בוי-צוועקען.

§ 47 די אינדוסטריע. די אינדוסטריע איז נאָך אין ארץ-ישראל זעהר שוואַך ענטוויקעלט. כמעט אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען זענען קליין און נור געצעהלטע פֿאַבריקען האָבען מעהר ווי 50 אַרבייטער. די גאַנצע אינדוסטריע איז ענג פֿערבונדען מיט לאַנדווירטשאַפֿט. פֿון די בעזונדערע אינ-דוסטריעלע צווייגען זענען מעהר ענטוויקעלט פֿאָלגענדע: אייל- און זייף-פֿאַבריקאַציע, וויין-פּראָדוקציע, וועבעריי, מיהלעריי און טעפעריי.

די אייל-פּראָדוקציע פֿערנעהמט דעם ערשטען אָרט אין דער אינדוסטריע. דאָס אייל ווערט געדריקט הויפּט-זעכליך פֿון איילבירטען, דאַן אויך פֿון סעזאַם, אַקאַציעס, וואַ-סאַך (טימיאַ), זשעראַניען לאָבערען און אַנדערע געוויקסען. גרעסערע אייל-פֿאַבריקען געפֿינען זיך אין ירושלים, יפו, שכם, עכו און צפֿת. די אייל-פֿאַבריקאַציע ווערט געפֿיהרט אויף אַ זעהר פּרימיטיווען אופֿן און דערפֿאַר איז דאָס אייל נישט פֿון דעם בעסטען סאָרט.

ענג פֿערבונדען מיט דער אייל-פֿאַבריקאַציע איז די
אויסאַרבייטונג פֿון זייף, צו וואָס ס'ווערען בע-
נוצט די איינפֿאַכע סאָרטען אייל. אין פֿיעל שטעדט געפֿינען
זיך מעהרערע זייף-פֿאַבריקען, אין וועלכע מען אַרבייט אויס
פֿערשידענע נידריגע סאָרטען זייף. בעסערע טואַלעטען-זייף
ווערט אויסגעאַרבייט אין זעהר אַ קליינער מאָס.

וויין-פֿאַבריקאַציע איז הויפּטזעכליך ענטוויקעלט
אין די יודישע קאָלאָניעס. אין דער קאָלאָניע ראשון-לציון גע-
פֿינט זיך אַ גרויסער וויינ-קעלער, וועלכער געהערט צו די
גרעסטע אין דער וועלט. יעדען יאָהר ווערען אויסגעאַרבייט
גרויסע זאַפּאַסען פֿון וויין, וועלכע ווערען טיילווייז
פֿערקויפֿט אין לאַנד; דער גרעסטער טייל ווערט אָבער אַרויס-
געפֿיהרט.

מיהלערייי. אויף די שטענדיגע טייכען געפֿינען זיך
מעהרערע מיהלען. חוץ וואַסער-מיהלען זענען אין לאַנד פֿער-
שפּרייט אויך דאַמף-מיהלען. זיי אַלע אַרבייטען כמעט אויס-
שליסליך פֿאַר דעם אָרטיגען געברויך. דאָס ארץ-ישראל-מעהל
איז נישט גוט צום באַקען. דער ווייץ ווערט טיילווייז אַרויס-
געפֿיהרט פֿון לאַנד און פֿערברויכט אויף דער אויסאַרבייטונג
פֿון מאַקאַראָנען. צום באַקען ווערט בענוצט רוסיש מעהל.

וועבערייי איז פֿערשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד.
עס ווערט אָבער געפֿיהרט זעהר פּרימיטיוו. די וואָל פֿון שאָף
געהט אויף דער אויסאַרבייטונג פֿון פֿערשידענע אַראַבישע
מלבושים, הויפּטזעכליך אויף אויבערשטע מאַנטלען (אַבאַייען).
פֿון ציגען-האָר וועבט מען זעק, טעפּיכער און בעדואינישע
פּאַלאַטקעס. מיט וועבערייי פֿערנעהמען זיך מייסטענס די בע-
דואינערינס. צו די גרעסטע וועב-אַנשטאַלטען געהערען אין
לאַנד: די וועבערייי-שולע פֿון „Allance-Israelite“ אין
ירושלים (ביז 60 אַרבייטער) און די קונסט-שולע „בצלאל“ אין
ירושלים. חוץ וואָל וועבט מען אויך בוימוואָל און זייד, זעל-
טענער ליינוואַנד.

טעפּערייי איז אויך פֿערשפּרייט אין לאַנד, הויפּט-
זעכליך אין דער אומגעגענד פֿון עזה און צו מזרח פֿון ירדן.
דאָרט ווערען אויסגעאַרבייט פֿון ליים פֿערשידענע געפֿעס.

ג ל אָ ז - פֿ אַ ב ר ִ י ק אַ צ י ע. אִין חברון געפִינען זִיך מעהרערע גלאָז-פֿאַבּרִיקען, וועלכע אַרבייטען אויס הויפּטזעכלִיך גלעזערנע בעפּוצונגען פֿאַר דער אָרטִיגער אַראַבִישער בעפֿעל-קערונג. דאָס גלאָז ווערט אויסגעאַרבייט פֿון גלאָז-אָבפֿאַ-לען, וועלכע ווערען צו דעם צוועק געקלִיבען אִיבער'ן גאַנצען לאַנד. לעצטענס זענען געמאַכט געוואָרען פּראָבעס צו גרִינדען אַ גרעסערע גלאָז-פֿאַבּרִיק אִין דאור (טאַנטוראַ), וואו עס געפִינט זִיך אַ גוטער סאָרט זאַמד. די פּראָבעס זענען אָבער נִישט געלונגען.

אִין יפו און אַנדערע שטעדט געפִינען זִיך מעהרערע ג אַ ר בּ ע ר יי ע ן, וועלכע אַרבייטען-אויס שאָף-און צִיעגען-לעדער.

די לעצטע צייט זענען איינגעפִיהרט געוואָרען פִיעל נייע צווייגען פֿון אִינדוסטריע. אִין יפו געפִינט זִיך אַ מאַשִינען-פֿאַבּרִיק, אִין פִיעל שטעדט געפִינען זִיך דרוקערייען, פֿאַבּרִיקען פֿון אייז און סאָדע-וואַסער.

§ 48 ה אַ נ ד וו ע ר ק ע ר יי אִיז נאָך שוואַך ענט-ווִיקעלט. די האַנדווערקער זענען קאָנצענטרִירט מייסטענס אִין די שטעדט. אַ סך אִיז דאָ שניידער, שוסטער, שמִידען, שלאָסערס, בּלאַכאַזשעס סטאָלאַזשעס, טשעסלאַרעס און אַנד., פֿערשפּרייט אִיז דאָס אויסאַרבייטען פֿון פֿערשִידענע בעפּוצונ-גען פֿון איילבִּירט-האָלץ, וועלכע ווערען גערן געקויפֿט דורך די עולי-רגל און טורִיסטען אַלס אַנדענקונג פֿון ארץ-ישראל. הויפּטזעכלִיך אִיז די דאָזִיגע פּראָדוקציע ענטוויקעלט אִין ירושלים. אִין די דערפֿער טרעפֿען זִיך נור שמִידען, טשעסלאַרעס, זעלטען מויערערס.

§ 49 די אִינדוסטרִיע פֿון ארץ-ישראל וואַרט אויף בעסערע צייטען. דאַן ווען זי וועט געהעריג בעשִיצט ווערען פֿון דער קאָנקורענץ פֿון די אִינדוסטריעל-ענטווִיקעלטע לענדער, ווען מענשען מִיט ענערגיע און קאַפִּיטאַל וועלען אויסנוצען די רייכטִימער פֿון לאַנד און אִיהרע פֿערשִידענע אִינדוסטריעלע מעגלִיכקייטען — דאַן וועט זִיך די בִּיז-יעצטִיגע פּראָדוקציע פִיעלפֿאַך פֿערגרעסערען און עס וועלען צוקומען נאָך פִיעל נייע צווייגען פֿון דער פּראָדוקציע.

§ 50 דער האַנדעל. דער האַנדעל ווערט געפֿירט
אין 3 ריכטונגען: I) דער אויסערליכער האַנדעל, וועלכער
ווערט געפֿירט אויסשליסליך דורך די האַפֿענס פֿון מיטעללענ-
דישען ים; 2) דער האַנדעל מיט די בעדואינער פֿון מדבר; 3)
דער אינערליכער האַנדעל. דער אויסערליכער האַנדעל ווערט
געפֿירט הויפּטזעכליך דורך די דייטשען און אַנדערע אייראָ-
פּעער, ווי אויך דורך יודען, אַראַבער און אַרמענער. דאָס
שעדליכע צאָל-סיסטעם, וואָס ס׳האָט געהערשט אין טערקיי,
האָט געגעבען אַ ספּעציפֿישען כאַראַקטער דעם ארץ-ישראל-
האַנדעל: עס ווערען אַריינגעפֿירט אין לאַנד אַ סך אַזעלכע
פּראָדוקטען, וועלכע וואָלטען ביי אַ געהעריגער רעגירונגס-שוץ
זעהר לייכט געקאָנט אויסגעאַרבייט ווערען אין לאַנד גופֿא, ווי
צ. ב. צוקער, ביער, פּאַפּיער, גלאָז, וואָל און אַנד.: אין אַ
גרויסער מאָס ווערען אריינגעפֿירט אין לאַנד אויך מעהל, קאַ-
ווע, רייז, טיי, קאַקאַאָ און פּעפּער. דאָס מעהל, וואָס ס׳גיעבען
אַרויס די אָרטיגע מיהלען איז נישט גוט צום באַקען און די
איינגעוואַנדערטע יודישע און אייראָפּעאישע בעפֿעלקערונג בע-
נוצט זיך הויפּטזעכליך מיט רוסישען מעהל. אין שלעכטע יאָה-
רען ברענגט מען מעהל אויך פֿון אַנדערע לענדער. צוקער
ווערט געברענגט פֿון רוסלאַנד און עסטרייך; רייז—פֿון מצרים;
קאַווע פֿון בראַזיליען און תּימן און טיי — פֿון רוסלאַנד. טיי
ווערט בענוצט הויפּטזעכליך דורך דער יודישער בעפֿעלקערונג
און דורך די רוסישע עולי-רגל. חוץ דעם ווערען פֿון פֿערשי-
דענע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע לענדער אַריינגעפֿירט
אויך אַלקאָהאָל, ביער, קוילען, פּעטראָלעאום (נאַפֿט), פֿערשי-
דענע בוי-מאַטעריאַלען, אייזען-וואַרען, מאַשינען, כעמיקאַליען
און פֿערשידענע געברויכס-מאַטעריאַלען (פּאַפּיער, זאַפּאַלקעס,
גלאָז און אַנד.)

דער עקספּאָרט בעשטעהט כמעט אויסשליסליך נור פֿון
פֿערשידענע לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקטען ווי: פּאָמעראַנצען,
ציטרינען (וועלכע ווערען אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעפֿירט
דורך יפֿו), איילבירטען, זייף, ווײַן, ווייץ, גערשטען, סעזאַם און
אויך פֿערשידענע אַנדערע טעכנישע און נאַהרונגס - געוויקסען.
אין אַ קלענערער מאָס ווערט אַרויסגעפֿירט וואָל, פֿעל, אייער

און לעבעדיגע בהמות. די אַלע עקספּאָרט-אַרטיקלען ווערען ארויסגעפֿיהרט הויפּטזעכליך אין די אייראָפּעאישע לענדער.

דער האַנדעל מיט די בעדואינער ווערט געפֿיהרט אין די שטעדט נעבען דער מדבר. די הויפּט-פּונקטען פֿון דעם האַנדעל זענען: טבריה, צפֿת, חברון און באר-שבע. די בעדואינער פֿערקויפֿען דאָרט זייערע סטאַדעס פֿון שאָף, קעמלען, ציגען און פֿערד, ווי אויך וואָל און פֿעל. דערפֿאַר בעקומען זיי געלד אָדער תבואה און אַנדערע סחורות, ווי נאַפֿט, טאַבאַק, פֿערשידענע שטאָפֿען און קאָלאָניאַל-סחורות. אָפֿטמאָל פֿאָהרען די סוחרים אַרויס אין מדבר אַריין און קויפֿען דאָרט אויף ביי די בעדואינער זייערע פּראָדוקטען. די סוחרים פֿון חברון האָבען צו דרום-מזרח פֿון ים המלח גרויסע לאַגערען פֿון סחורה, וועלכע זיי פֿערקויפֿען די בעדואינער.

דער אינערליכער האַנדעל האָט נאָך זעהר אַ קליינע בעדייטונג. דער דאָרפֿישער פֿעלאַך האָט זעהר קליינע בעדערפֿנישען און בעפֿרידיגט זיך מיט די פּראָדוקטען פֿון זייןווירטשאַפֿט. דער גאַנצער אינערליכער האַנדעל קאָנצענטרירט זיך דערפֿאַר אין די שטעדט. אויף די שטאָדט-באַזאַרען קומען אויך די פֿעלאַכען מיט זייערע סחורות. די הויפּט-אַרטיקלען פֿון אינערליכען מאַרק זענען די לעבענסמיטעל-פּראָדוקטען און די פּראָדוקטען פֿון אימפּאָרט. אין די גרעסערע שטעדט ווערען געבראַכט גרויסע מענגען תבואה פֿון חורן און דעם גאַנצען מזרח-ארץ-ישראל-קאַנט. פֿון עזה און באר-שבע ברענגט מען אַ סך גערשטען; די צפֿון-געביטען, דער טאָל יזרעאל און די מזרח-געגענדען ליפֿערען אַ סך סעזאַם און פֿערשידענע שויטען-געוויקסען, די בהמות ווערען געטריבען פֿון פֿערשידענע גרעניץ-שטעדט (ביים מדבר). דער גאַנצער אינערליכער האַנדעל ווערט געפֿיהרט כמעט אויסשליסליך דורך אַראַבישע סוחרים. קיין שאַרפֿער אונטערשיד צווישען דעם גרויס-און קליין-הענדלער עקזיסטירט אין ארץ-ישראל נישט. דער זעלבער הורט-סוחר פֿערנעהמט זיך אויך מיט דעטייל-האַנדעל. די אַלע פּראָדוקטען פֿון אימפּאָרט ווערען געוועהנליך געקויפֿט נישט גלייך פֿון דער ערשטער האַנד. די גרעסערע שטעדט שיקען איבער די אימפּאָרט-פּראָדוקטען אין די קלענערע, די לעצטע — אין נאָך קלענערע און אַזוי צרום

ווערט עס פֿערשפּרייט איבערן לאַנד. די פֿערבינדונג אָבער צווישען די גרויסע און קליינע צענטרען איז נישט קיין שטאַרקע און יעדע שטאָדט שטרעבט צו פֿערבינדען דירעקטע בעציהונגען מיט דער ערשטער קוועלע.

## XII. די וועג=פֿערבינדונגען.

51 § האַפֿענס. ארץ-ישראל בעזיצט נאָך נישט קיין גוט-איינגעאָרדענטע האַפֿענס. די בעסטע פֿון זיי זענען: יפֿו, חיפֿה און צידון. פֿון זיי האָט חיפֿה אַממייסטען שאַנסען שנעל צו ענטוויקלען זיך צוליב די גינסטיגע נאַטירליכע בעדינגונגען. צו די אַלע האַפֿענס קענען אָבער קיין ים-שיפֿען נישט אַריינגעהן צוליעב דער פֿלאַכקייט פֿון ים-ברעג און צוליעב די פֿיעל אונטערוואַסער-פֿעלזען און מוזען זיך דאַדורך אָבשטעלען ווייט פֿון ברעג. די מענשען און סחורות ווערען צוגעפֿיהרט אויף קליינע שיפֿלעך.

52 § די וועגען זענען זעהר פֿערלאָזען. פֿיעל פֿון זיי זענען זעהר אַלט און פֿערנאַכלעסיגט. נור לעצטענס בשעת דער מלחמה זענען אַ סך פֿון זיי אויסגעבעסערט געוואָרען און עס זענען דורכגעפֿיהרט געוואָרען פֿיעל נייע גוטע וועגען. די הויפּט-וועגען פֿון לאַנד זענען פֿאָלגענדע:

| | |
|---|---|
| עזה—חיפֿה | 180 קיל. |
| אל-חפֿיר (רחובות)—באר-שבע—חברון | 159 קיל. |
| ירושלים—שכם—נצרת | 120 קיל. |
| קנטרה—דמשק | 156 קיל. |
| עזה—באר-שבע | 35 קיל. |
| יפֿו—ירושלים | 65 קיל. |
| יפֿו—טול-כרם | 30 קיל. |
| חיפֿה—נצרת | 35 קיל. |
| חיפֿה—טול-כרם—שכם | 80 קיל. |
| צידון—מערדש-עיון—צפֿת | 70 קיל. |
| ירושלים—יריחו—א-סלט | 117 קיל. |

לעצטענס האָט מען געבויט אַ וועג פֿון עכו קיין צפֿת*)

*) די וועגען וועלכע זענען געבויט געוואָרען נאָך דער ענגלישער אָקופּאַציע זענען נאָך נישט בעוואוסט.

§ 53 די אייזענבאהן-ליניען. די אייזענבאַהן-נעץ פון ארץ-ישראל איז אין פערגלייך מיט אַנדערע לענדער זעהר קליין, זי איז אָבער גרעסער ווי די אייזענבאַהן-נעץ פון אַנדערע טיילען פון פאָדער-אַזיען און אַראַביען. די אייזענבאַהנען זענען געבויט אָדער דורך דער טערקישער רעגירונג אָדער דורך פריוואַטע אונטערנעהמער (פראַנצויזישע). די באַהן-ליניען פון ארץ-ישראל זענען פאָלגענדע:

| | |
|---|---|
| מזיריב—דמשק | 101 קיל. |
| ירושלים—יפו | 87 קיל. |
| חיפה—דעראַאַ | 161 קיל. |
| עכו—חיפה | 18 קיל. |
| עפולה—עַן-גנים—לוד | 100 קיל. |
| וואַדי סעראר—באר-שבע—חפיר (רחובות) | 155 קיל. |
| מאַסודע—שכם | 15 קיל. |

און די העדזשאַס-באהנ-ליניען:

| | |
|---|---|
| דמשק—דעראַאַ | 123 קיל. |
| דעראַאַ—אַמון—מאַאַן | 339 קיל. |
| דעראַאַ—בצרה | 39 קיל. |

פון דער אונטען-פאָרגעלייגטער טאַבעלע זעהט מען די צאָהל אייזענבאַהן-ליניען אויף יעדע 100 קיל. לאַנד און 10000 מאַן בעפעלקערונג אין פערשידענע לענדער.

עס פאַלט אויס קילאָמעטער אייזענבאַהן-ליניען אין*)

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1) סיריען | אויף יעדע 100 קיל. | 1 | אויף יעדע 10000 איינוו. | 5,1 |
| 2) קליין-אזיען | „ „ | 0,6 | „ „ „ „ | 3,2 |
| 3) אזיאטישע טערקיי | „ „ | 0,3 | „ „ „ „ | 3,2 |
| 4) גריכענלאנד | „ „ | 2,5 | „ „ „ „ | 6,1 |
| 5) רומעניען | „ „ | 2,7 | „ „ „ „ | 5,3 |
| 6) פראנקרייך | „ „ | 9,4 | „ „ „ „ | 12,8 |
| 7) דייטשלאנד | „ „ | 11,6 | „ „ „ „ | 9,5 |
| 8) בעלגיען | „ „ | 29,3 | „ „ „ „ | 11,7 |

*) די ציפערען זענען גענומען פון דעם בוך „Syrien des Landwirtschaftsgebiet" פון ד"ר רופין.

## XIII. די אדמיניסטראטיווע צוטיילונג און שטעדט.

54 § ביז דער לעצטער צייט איז ארץ-ישראל געווען אַ טייל פון דער טערקישער מלוכה און אַלס אַזעלכע איז זי געווען אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט ענג פערבונדען מיט סיריען. איצט וועלען מיר זיך האַלטען ביי דער געאָגראַפישער צוטיילונג פון לאַנד. אויף אַזאַ אופן ועט גאַנץ ארץ-ישראל צוטיילט ווערען אויף פאָלגענדע טיילען: דער לבנון, גליל, שמרון, יהודה, גולן, חרון, גלעד, עמון און מואב.

55 § די שטעדט. די שטעדט פון ארץ-ישראל זענען אַממייסטען זעהר קליין, מעהר עהנליך צו די גרויסע דערפער. די אַמאָליגע גרעסערע שטעדט פון לאַנד, זענען יעצט אָדער איינגאַנצען פערשוואונדען, אָדער זיי זענען קליינע דערפלעך. גרעסערע שטעדט אין לאַנד זענען דאָ זעהר וועניג. צו זיי געהערען: ירושלים, יפו, חיפה, עכו, צידון, צפת, נצרת, שכם, עזה, חברון און בית-לחם, וועלכע האָבען איבער 10,000 איינוואוינער.

56 § דער לבנון נעהמט אַרום די בערג פון לבנון און דעם טאָל צו מזרח פון זיי. די וויכטיגסטע פונקטען פון לבנון זענען:

צידון, די גרעסטע שטאָדט פון דער געגענד. ליגט ביי דער צפון-גרעניץ פון ארץ-ישראל צווישען פיעלע און רייכע פאָמעראַנצען-און ציטרינען-גערטנער. אַ גרויסע האַנדעלס-שטאָדט מיט 20,000 איינוואוינער. אַמאָליגע רעזידענץ-שטאָדט פון די פעניציער.

צור. אַמאָליגע גרויסע האַנדעלס-שטאָדט און רעזידענץ-שטאָדט פון די פעניציער. איצט האָט זי פערלאָרען איהר בע-דייטונג אַלס האַנדעלס-שטאָדט צוליעב דער קאָנקורענץ פון צידון. די צאָהל איינוואוינער דערגרייכט ביז 6,000 מאַן.

גדידה (דזשעדעידאַ). אַ שטעדטעל אין מערדש-עיון מיט 6,000 איינוואוינער. דאָ געפינען זיך די צענטראַלע אַד-מיניסטראַטיווע אינסטיטוציעס פון מערדזש-עיון. צו דרום פון איהר געפינט זיך די יודישע קאָלאָניע מתולה, געגרינדעט אין יאָהר 1896. זי ליעגט אַם וויטסטען צו צפון פון אַלע קאָ-

לאָניעס; האָט 325 איינוואוינער און 17,000 דונאַם באָדען. די הויפּט-בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז ערד-אַרבייט און פיה-צוכט. עס איז דאָ אַ שולע פאַר קינדער.

57 §§ דער גליל נעהמט-אַרום די בערג פון גליל, דעם טאָל יזרעאל און די נידערפלעכע ביים ים צו מערב פון די בערג. דער טייל פון ארץ-ישראל איז מעהר בעזעצט און בעסער בעאַרבייט ווי אַנדערע טיילען. דאָ געפינען זיך אויך פיעל יודישע לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס. די וויכטיגסטע פונקטען פון גליל זענען:

חיפה, די גרעסטע שטאָדט פון גליל מיט 20000 איינוואוינער. צוליעב איהר גינסטיגער לאַגע אויף דעם ים-ברעג ענטוויקעלט זיך די שטאָדט זעהר שנעל און שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דעם האַנדעל פון ארץ-ישראל. דאָ געפינט זיך אַן אָבטיילונג פון יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד, שולען פון „Alliance - Israelite“, אַ אַרבייטער-הויז, אַ שפּיטאָל, לעצטענס איז דאָרט געבויט געוואָרען אַ יודישער טעכניקום, וועלכער איז אָבער נאָך נישט געעפענט.

עכו. אַ אַמאָליגע גרויסע האַנדעלס-שטאָדט און פעסטונג אויף דעם ים-ברעג צו צפון פון חיפה. נאָך יעצט שפּיעלט זי אַ גרויסע ראָלע אין האַנדעל פון צפון-גליל. איהר בעדייטונג פערקלענערט זיך אָבער צוליעב דער קאָנקורענץ פון חיפה. די צאָהל איינוואוינער דערגרייכט ביז 10000 מאַן די גרעסטע טייל מוסולמענער.

צפת. די גרעסטע שטאָדט פון צפון-גליל מיט אַ גרויסער יודישער בעפעלקערונג (אויף 18000 איינוואוינער — 10000 יודען). די שטאָדט האָט פיעל געליטען פון דער ערד-ציטערניש אין 1837 יאָהר. יעצט האָט זי 2 שולען, פיעל חדרים, אַ תלמוד-תורה, 3 ביבליאָטעקען. דער גרעסטער טייל פון די איינוואוינער לעבט פון חלוקה. די אומגאַנגס-שפּראַך פון די יודען איז העברעאיש, יודיש און אַראַביש. אין דער אומגעגענד געפינט זיך דער קבר פון ר' שמעון בן יוחאי, צו וועלכען עס קומען זיך צונויף פיעל יודען. אין דער אומגעגענד פון צפת געפינען זיך פיעל יודישע קאָלאָניעס. צו זיי געהערען:

ראש-פנה, די גרעסטע און עלטסטע קאָלאָניע אין צפון גליל. האָט ביז 42000 דונאַם באָדען, אַ טייל פון וועלכען איז נאָך נישט בעאַרבייט. געגרינדעט אין יאָהר 1882 דורך רומענישע יודען. האָט ביז 600 איינוואוינער, די הויפט-בעשעפטיגונג פון וועלכע עס איז ערד-אַרבייט און מאַנדלען-פלאנטאַציעס. די קאָלאָניע ליעגט אויף אַ הויכען באַרג און צייכענט זיך אויס מיט זעהר אַ געזונדטען קלימאַט. זי איז גוט איינגעריכטעט, בעזיצט אַ ביבליאָטעק, אַ שולע פאַר קינדער מיט אַן אַגראָנאָמישער אָבטיילונג. דאָ געפינט זיך די צענטראַלע אַדמיניסטראַציע פון „יק"א" פאַר גאַנץ גליל.

עין-זיתים, אַ קלענערע קאָלאָניע צו צפון פון ראש פנה, געגרינדעט אין 1881 דורך רוסישע יודען. האָט 6000 דונאַם באָדען מיט 30 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט, זיתים- און וויין-פלאַנטאַציעס.

משמר-הירדן. געגרינדעט אין 1884 דורך יודישע אַרבייטער פון פערשידענע ארץ-ישראל-קאָלאָניעס. די קאָלאָניע ליעגט אויף דעם רעכטען ברעג פון ירדן ביי אַ בריק (די בריק פון בנות-יעקב), האָט ביז 7600 דונאַם באָדען מיט 125 איינוואוינער. די הויפט-בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז ערד-אַרבייט. די קאָלאָניע בעזיצט אַ שולע פאַר קינדער.

יסוד-המעלה. אַ גרויסע קאָלאָניע פון 12228 דונאַם אויף דעם מערב-ברעג פון מי-מרום. בעזיצט אַ וואַרימען אָבער אונגעזונדען קלימאַט (פריהער האָט דאָרט געהערשט דער פיבער). די צאָהל איינוואוינער דערגרייכט ביז 225 מאַן. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז לאַנד-ווירטשאַפט. די קאָלאָניע איז געגרינדעט אין יאָהר 1883 דורך פוילישע יודען.

טבריה. אַ אַלטע שטאָדט אויף דעם מערב-ברעג פון ים כנרת מיט אַ גרויסען פראָצענט פון יודען. די צאָהל יודען דערגרייכט אין טבריה ביז 7000 מאַן אויף 9000—10000 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג. דער גרעסטער טייל פון דער יודישער בעפעלקערונג לעבט פון „חלוקה". טבריה איז די אַמאָליגע רעזידענץ פון סנהדרין; אין איהר אומגעגענד געפינען זיך די קברים פון רמב"ם, רבי מאיר בעל נס און פיעל רבנים. נישט ווייט פון שטאָדט ליעגען די בעריהמטע

וואַרימע קוואַלען—חמי-טבריה. צו דרום און דרום-מערב פון טבריה געפינען זיך פיעל יודישע קאָלאָניעס. צו זיי געהערען:

חטין, אַ קליינע קאָלאָניע צו מערב פון טבריה, האָט 2000 דונאַם מיט אַ זעהר פרוכטבאַרען באָדען, געהערט צום נאַציאָנאַל-פאָנד; נאָך נישט בעזעצט.

מגדל (מעדזשעל). אַ פערמע, געגרינדעט אין 1910 יאָהר אויף דעם ברעג פון ים כנרת צו צפון פון טבריה. האָט 5000 דונאַם באָדען מיט 50 איינוואוינער. זייער הויפטבעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט, געמיזע און מילך-ווירטשאַפט. אין מגדל האָט מען אויך איינגעאָרדענט פלאַנטאַציעס פון בוימוואָל.

מצפה, צו צפון-מערב פון טבריה; געגרינדעט דורך „יקא" אין 1908 יאָהר, האָט ביז 3400 דונאַם באָדען. די קאָלאָניסטען זענען כמעט אַלע אַמאָליגע ערד-אַרבייטער פון פערשידענע קאָלאָניעס. זייער צאָהל דערגרייכט ביז 50; די הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט.

בית-גן (בעטשען), צו דרום-מערב פון מצפה, געגרינדעט אין 1904 יאָהר דורך „יק"א". די קאָלאָניע בעזיצט איבער 4500 דונאַם באָדען מיט 100 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז לאַנדווירטשאַפט.

ימה, אַ גרויסע קאָלאָניע 10 מינוטען וועג פון בית-גן. האָט איבער 24400 דונאַם מיט 300 איינוואוינער. די קאָלאָניע בעזיצט זעהר אַ פרוכטבאַרען באָדען, וועלכער איז גוט בעאַרבייט. די הויפט-בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז ערד-אַרבייט. ימה געהערט צו די שענסטע קאָלאָניעס אין גליל. דאָ געפינט זיך אַ גוטע שולע פאַר קינדער, אַ שפיטאָל, וואַסערלייטונג. לעצטענס האָט זיך אויך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט פון געגענזייטיגען קרעדיט. די קאָלאָניע איז געגרינדעט אין 1901 יאָהר דורך „יק"א".

פוריה, אַ פערמע נישט ווייט פון ימה. געגרינדעט אין יאָהר 1911 דורך אַן אַמעריקאַנישע פלאַנצונגס-געזעלשאַפט. די פערמע האָט 3545 דונאַם באָדען, וועלכער איז פערפלאַנצט דורך מאַנדלען און זיתים. די צאָהל אַרבייטער דערגרייכט ביז 60 מאַן.

סדג'רה (סעדזשערא), צו מערב פון טבריה. די קאָ-

לאָניע האָט 17720 דונאַם באָדען, אויף אַ טייל פון וועלכען ס'איז געגרינדעט אַ פערמע (אין 1899 דורך ראָטשילד'ס אַד-מיניסטראַציע). יעצט האָט די קאָלאָניע ביז 200 איינוואוינער, וועלכע בעשעפטיגען זיך הויפטזעכליך מיט ערד-אַרבייט און זיתים-פלאַנטאַציעס.

כ נ ר ת (דאַלאַיקאַ). ליעגט אויף דעם דרום-ברעג פון ים כנרת. אַ טייל פון דער קאָלאָניע (ביז 4000 דונאַם) איז אַ פערמע פון נאַציאָנאַל-פאָנד. די צווייטע העלפט (ביז 6000 דונאַם) איז פערפאַכטעט צו קאָלאָניסטען. זייער צאָהל דער-גרייכט ביז 100 מאַן. די הויפט-בעשעפטיגונג פון די איינוואוי-נער איז ערד-אַרבייט, געמיזע, פאָמעראַנצען - און מאַנדלען-פלאַנטאַציעס.

ד ג נ י ה, אַ נאַציאָנאַל-פאָנד-פערמע צו דרום פון כנרת; געגרינדעט אין 1910 יאָהר. די פערמע בעזיצט אַ שטח פון איבער 3000 דונאַם און האָט ביז 45 איינוואוינער, אַלע אַרבייטער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט, געמיזע, מאַנדלען-און פאָמעראַנצען-פלאַנטאַציעס.

מ ל ח מ י ה. אַ גרויסע קאָלאָניע אין ירדן - טאָל. האָט ביז 9500 דונאַם באָדען מיט 200 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט. מלחמיה געהערט צו די אַמ-בעסטען איינגעאָרדענטע קאָלאָניעס פון גליל; זי בעזיצט אַ שו-לע פאַר קינדער און אַ געזעלשאַפט פון געגענזייטיגען קרע-דיט. דאָ האָט מען אויך געמאַכט פראָבעס פון בוימוואָל-פלאַנטאַציעס.

ר מ ה. אַ פערמע מיט מאַנדלען-און זיתים-פלאַנטאַציעס; געגרינדעט אין יאָהר 1913; האָט ביז 50 איינוואוינער.

מ ס ח ה. אַ גרויסע קאָלאָניע צו דרום-מזרח פון דער שטאָדט נצרת. האָט ביז 16000 דונאַם באָדען און אונגע-פעהר 200 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט. די קאָלאָניע איז אויך גוט איינגעאָרדענט: זי בעזיצט אַ ביבליאָטעק, אַ שולע פאַר קינדער, אַ לייה-קאַסע און אַ פערזיכערונגס-געזעלשאַפט פאַר שרפות.

נ צ ר ת. אַ גרויסע שטאָדט אין די בערג פון נצרת מיט 15000 איינוואוינער, הויפטזעכליך קריסטען (4000 מאַהמע-

יאַנער און קיין איין יוד). נצרת איז בעריהמט אין דער קריסט-ליכער געשיכטע דורך דעם, וואָס דאָ איז ערצויגען געוואָרען און געלעבט קריסטוס. די שטאָדט האָט פיעל קלויסטערס און קירכען. צו דרום פון נצרת אין טאָל יזרעאל איז אין יאָהר 1911 געגרינדעט געוואָרען אַ יודישע אַרבייטער-קאָלאָניע מרחביה. די קאָלאָניע האָט ביז 9400 דונאַם באָדען אויף ביי-דע זייטען פון דער באַהן-ליניע חיפה—דמשק. די צאָהל איינ-וואוינער דערגרייכט ביז 100 מאַן; זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט, מילך-ווירטשאַפט און מאַנדלען-פלאַנטאַציעס.

צפורי, אַ גרויס דאָרף צו צפון פון נצרת; אַמאָליגע הויפט-שטאָדט פון גליל און רעזידענץ פון סנהדרין.

בית-שאן (סקיטאָפאָליס), אַ קליין דאָרף אין ירדן-טאָל מיט 3000 איינוואוינער, אַמאָליגע גרויסע שטאָדט.

§§ 58 דער שמרון נעהמט-אַרום די בערג פון אפרים, אַ טייל פון ירדן-טאָל צו מזרח פון די בערג און דעם טאָל שרון. שמרון איז ווייניגער בעאַרבייט און בעזעצט פון אַנדע-רע טיילען לאַנד; דאָ געפינט זיך אויך ווייניג יודישע קאָלאָ-ניעס (אַלע זענען זיי קאָנצענטרירט אין דעם טאָל שרון). די וויכטיגסטע פונקטען פון שמרון זענען:

שכם (נאַבלוס), די גרעסטע שטאָדט פון שמרון און אַמאָליגע רעזידענץ-שטאָדט פון ישראל. יעצט האָט שכם ביז 28000 איינוואוינער, כמעט אַלע מוסולמענער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז דער האַנדעל מיט וואָל, בוימוואָל און זייף מיט די בעדואינער פון מזרח-געגענדען. אין שכם וואוינען נאָך שמרונים אין אַ צאָהל פון 170 מאַן. שכם ליעגט אין אַ זעהר פרוכטבאַרער און גוט בעוואַסערטער געגענד. אין זיין אומגעגענד געפינען זיך זעהר פיעל קוועלען.

שמרון. אַמאָליגע רעזידענץ-שטאָדט פון ישראל צו צפון-מערב פון שכם. יעצט אַ דאָרף מיט 1000 איינוואוינער. פיעל איבערבלייבענישען פון אַלטערטום.

עין-גנים, אַ קליין שטעדטעל אויף דער באַהן-ליניע חיפה-שמרון אין צפון-שמרון. עין-גנים ליעגט אין אַ זעהר שע-נער און פרוכטבאַרער געגענד. די צאָהל איינוואוינער דער-גרייכט דאָ ביז 2500 מאַן; אַלע מוסולמענער.

טול-כרם. אַ גרויס שטעדטעל אויף דער גרעניץ פון טאָל שרון. האָט ביז 5000 איינוואוינער.

דאר (טאַנטוראַ). אַ גרויס דאָרף אויף דעם ברעג פון מיטעללענדישען ים; אַמאָליגע שטאַרקע פעסטונג. 1300 איינוואוינער. אַ טייל פון דאָרף געהערט צו יודען. דאָ געפינט זיך אויף ראָטשילד'ס גלאָז-פאַבריק. די אומגעגענד איז רייך אין אַלטערטימליכקייטען. אַרום דאר געפינען זיך איינצגע יודישע קאָלאָניעס. דאָס זענען:

עתלית. ליגעט אויף דעם ים-ברעג צו צפון פון דאר אין זעהר אַ פרוכטבאַרער געגענד. האָט 6800 דונאַם און ביז 50 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט. אין עתלית איז אויך לעצטענס געגרינדעט געוואָרען אַ לאַנד-ווירטשאַפטליכע פראָבע-סטאַנציע.

זכרון-יעקב. אַ גרויסע קאָלאָניע צו דרום-מזרח פון דאר; געגרינדעט אין יאָהר 1882 דורך רומענישע יודען. האָט 30668 דונאם באָדען און איבער 1100 איינוואוינער. זכרון יעקב געהערט צו די אַמבעסטען איינגעאָרדנעטע קאָלאָניעס אין ארץ-ישראל, מיט שענע הייזער און גאַסען. האָט איינציגע שול'ען פאַר קינדער, אַ ביבליאָטעק, אַ שפּיטאָל, אַ געזעלשאַפט פאַר קליין-קרעדיט. די הויפט-בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז וויינגערטנעריי, ערד-אַרבייט און כלאַנטאַציעס פון מאַנדלען, פאָמעראַנצען און איילבירטען. דאָ געפינט זיך אַ גרויסער גוט-איינגעאָרדנעטער וויין-קעלער.

צו צפון פון זכרון-יעקב געפינען זיך 2 קלענערע יודישע קאָלאָניעס: בת שלמה און שפיא, זיי ווערען אָבער גערעכענט אַלס טייל פון זכרון-יעקב.

קסריה. אַמאָליגע גרויסע שטאָדט אויף דעם ים-ברעג. (געבויט דורך הורדוס). יעצט אַ שטעדטעל פון 1200 איינוואוינער, כמעט אַלע באָסניאַקעס מוסולמענער. אין קסריה געפינען זיך פיעל אַלטע חורבות. אין דער אומגעגענד פון שטעדטעל ליגען איינציגע יודישע קאָלאָניעס. צו זיי געהערען:

חדרה. ליגעט ניט ווייט פון ים-ברעג אין אַ זעהר זומפּיגער געגענד. צוליעב דעם האָט אין די ערשטע יאָהרען דאָרט שטאַרק געהערשט דער פיבער, וועלכער האָט צוגענומען זעהר פיעל קרבנות.

לעצטענס זענען די זומפּען אויסגעטריקענט געוואָרען דורך קאַ-
נאַלען און אַ גאַנצען וואַלד פון אייקאַליפּטוס - בוימער; דער
קלימאַט איז יעצט דעריבער אַ סך געזינטער געוואָרען. חדרה
געהערט צו די גרעסטע יודישע קאָלאָניעס אין ארץ-ישראל. זי
האָט כמעט 32000 דונאַם באָדען און אַ בעפעלקערונג פון
אונגעפעהר 300 מאַן. די הויפּט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט
און פלאנטאַציעס פון פּאָמעראַנצען, איילבירטען און מאַנדלען.
חדרה בעזיצט אַ שולע פאר קינדער, אַ קינדער-גאָרטען, 2 קאַ-
סעס פון געגענזייטיגען קרעדיט, אַן אַרבייטער-הויז, אַ ביאלאָגישע
אָבטיילונג פון דער פּראָבע-סטאַנציע און אַ מעדיצינישע אָב-
טיילונג. דאָרט געפינט זיך אויך אַ גרויסער גאָרטען פון
אתרוגים (גן שמואל), געפלאַנצט אויפ'ן נאָמען פון רבי שמואל
מאָהילעווער.

חפצי-בה. אַ קאָלאָניע, באַלד צו צפון פון חדרה, נעהנ-
טער צום ים. האָט 7000 דונאַם באָדען מיט אונגעפעהר 20
איינוואוינער. זייער הויפּט-בעשעפטיגונג איז פלאַנטאַציעס פון
פּאָמעראַנצען, מאַנדלען, זיתים.

קרקור. אַ גרויסע פערמע פון 11400 דונאַם, צו מזרח
פון חדרה. געגרינדעט אין יאָהר 1913 דורך „יק"א". די צאָהל
איינוואוינער דערגרייכט ביז 50 מאַן. די הויפּט-בעשעפטיגונג
איז ערד-אַרבייט און פלאַנטאַציעס פון מאַנדלען און פּאָמע-
ראַנצען.

כפר-סבה. אַ דאָרף אין טאָל שרון, נישט ווייט פון דער
באַהן-ליניע שכם-לוד; אַמאָליגע פעסטונג (אַנטיפּאַטריס). אַ טייל
פון דאָרף איבער 7200 דונאַם איז אין יאָהר 1892 געקויפט
געוואָרען דורך די פּתח-תקוה-קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען דאָרט
געגרינדעט אַ קאָלאָניע. די קאָלאָניע האָט ביז 100 איינוואוי-
נער, כמעט אַלע אַרבייטער. זייער הויפּט - בעשעפטיגונג איז
פלאַנטאַציעס פון מאַנדלען, זיתים און אייקאַליפּטוס-בוימער.

§ 59 יהודה: איז דער אַממייסטען בעזעצטער דורך
יודען טייל פון ארץ-ישראל. דאָ אין ירושלים געפינט זיך די
גרעסטע יודישע קהלה; נעבען יפו ליגען די גרעסטע און על-
טעסטע יודישע קאָלאָניעס. יהודה נעהמט אַרום די בערג פון
יהודה, דעם טאָל שפלה און דאָס לאַנד צו דרום פון די בערג.

דיִ הויפּט-פּונקטען פון יהודה זענען:

ירושלים. דיִ הויפּט-שטאָדט און אַמאָליִגע רעזיִדענץ-שטאָדט פון יהודה. אַ הייליִגע שטאָדט פאַר קריִסטען און אַראַבער (אויף אַראַביִש —קודס-עס-שעריִף— דאָס געהויבענע הייליִגטום) מיִט 90,000 איינוואוינער (60,000 יודען, 17,000 קריסטען און 13,000 מחמד׳אַנער). ירושלים ליִגט אויף אַ הויכען באַרג 790 מעט. איִבער דער ים-אויבערפלעכע. דיִ שטאָדט טיילט זיִך אויף 2 טיילען: דיִ אַלטע שטאָדט און דיִ נייע שטאָדט.

דיִ אַלטע שטאָדט ליִגט אויף 2 בערג-שפּיִצען: ציון און מוריה. פון 3 זייטען איִז זיִ אַרומגעריִנגעלט דורך אַ טיִעפען טאָל, איִן מזרח דורך דעם טאָל קדרון און איִן מערב און דרום דורך דעם טאָל גיהנם*). דאָס אָרט וואו עס ליִעגט דיִ אַלטע שטאָדט האָט אַמאָל ניִשט פאָרגעשטעלט קיין גלייכען פלאַץ; עס איִז געווען דורכגעשניִטען דורך פיִעל קליינע טאָלען. יעצט זענען דיִ אַלע טאָלען פערשאָטען מיִט אַ דיִקער שיִכט פון מיִסט (30 מעטר דיִ טיִעף). פון זיי איִז געבליִבען נור איינער — דער טאָל פון דיִ קעזמאַכער (ביי יוסף פלאַוויוס), וועלכער צוטיילט דיִ שטאָדט אויף 2 טיילען: דרום-מזרח-טייל און דרום-מערב-טייל. דיִ גאַנצע אַלטע שטאָדט איִז אַרומגעריִנגעלט מיִט אַ גרויסע דיִקע מויער פון 12 מעטר דיִ הויך, געבויט איִן XIV יאָהר-הונדערט דורך דיִ טערקען. דיִ מויער האָט 8 טויערען**). דיִ גאַנצע אַלטע שטאָדט איִז דורכגעשניִטען דורך פיִעל קליינע, ענגע, שמאָלע, שמוציִגע, מייסטענס ניִשט בעלויכטענע גאַסען. נור לעצטענס זענען אייניִגע הויפּט-גאַסען געוואָרען ברוקיִרט מיִט שטיין-פליִטען און רעגולער בעלויכטען. דיִ הייזער זענען דאָ געבויט איִן אַלטען אַראַביִשען סטיִל מיִט פלאַכע דעכער און האַלב-קיילעכדיִגע סופיִטען. 2 הויפּט-גאַסען צוטיילען דיִ גאַנצע שטאָדט אויף 4 קוואַרטאַלען: דער יודיִ-

*) איִן דעם טאָל האָט מען געבראַכט קרבנות צום מולך.

**) מיִט 50 יאָהר צוריִק האָט מען דיִ טויערען יעדע נאַכט געשלאָסען צוליעב דער מורא פאַר דיִ אָנפאַלען פון די בעדואיִנער, יעצט זענען זיי שטענדיג אָפען.

שער (אין דרום-מזרח), דער מחמד׳אַנישער (אין צפון-מזרח), דער קריסטליכער (אין צפון-מערב) און דער אַרמענישער (אין דרום-מערב). צווישען דעם מחמד׳אַנישען קוואַרטאַל און דער שטאָדטישער מויער געפינט זיך דער פּלאַץ, וואו ס׳איז אַמאָל געשטאַנען דער בית-המקדש (יעצט כאַראַם על שעריף). דער פּלאַץ איז אַרומגערינגעלט דורך אַ שטיינערנע וואַנד מיט 12 טויערען. אין מיטען פון פּלאַץ שטעהט די בעריהמטע מאָשעע כּו, אָמאַר, וועלכע געהערט צו די גרעסטע הייליגטימער פון די מוסולמענער. די געביידע איז איינע פון די פּרעכטיגסטע געביידעס אין אַראַבישען סטיל. חוץ דער מאָשעע געפינען זיך אויף דעם פּלאַץ אויך אַנדערע געביידעס. די גרעסטע פון זיי זענען: די מאָשעע על אַכסאַ (ביי יודען מדרש שלמה) און ארוות שלמה. די לעצטע זענען אונטערערדישע געביידעס זעהר ברייטע און לאַנגע. די אַראַבער זאָגען, אַז דאָס זענען געביי-דעס פון שדים. צו מערב פון על אַכסאַ הינטער די וואַנד פון טעמפּעל-פּלאַץ געפינט זיך דער בעקאַנטער „כתל-המערבי״. דאָס איז אַ איבערבלייבעניש פון דער מויער, וועלכע האָט אַמאָל אַרומגערינגעלט דעם הויף פון בית-המקדש. דער „כותל המערבי״ בעשטעהט פון 24 רייהען גרויסע שטיינער פּערוואַק-סענע מיט מאָך און קושאַקעס. ער האָט 48 מעטער אין דער לענג און 18 מעטער אין דער הויך. דאָ קומען זיך צונויף פיעל יודען וויינען און דאַווענען.

אין מיטען פון קריסטליכען קוואַרטאַל געפינט זיך דער בעריהמטער קריסטוס-קבר מיט אַ פּרעכטיגער געביידע איבער איהם, וואו עס קומען יעהרליך טויזענדער עולי-רגל. אין דעם אַרמענישען קוואַרטאַל געפינט זיך אַ גרויסע געביידע — די שטאָדטישע ציטאַדעל,—וועלכע ווערט דורך די יודען גערו-פען „דוד׳ס טורם״ (מגדל דוד). אין יודישען קוואַרטאַל געפי-נען זיך די הויפּט-שוהלען פון ירושלים ווי „חרבות יהודה החסיד״, „די שוהל פון ניסן בק״, ווי אויך איינינע יודישע שפּיטאָלען.

די נייע שטאָדט איז ענטשטאַנען אין די לעצטע פּאָר צעהנדליג יאָהרען. זי ליעגט אויסער די וואַנד פון דער אַל-טער שטאָדט, הויפּטזעכליך צו צפון-מערב פון איהר. דאָס איז

שׂוין אַ מאָדערנע שטאָדט מיט שענע ברייטע גאַסען און שע־נע אייראָפּעאישע הייזער. דאָ געפינען זיך געביידעס פון פערשידענע רעגיערונגס־אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטען. אַ גרויסען אַנטייל אין דער ענטוויקלונג פון נייעם ירושלים האָבען גענומען די ירושלים׳ער יודען, וועלכע האָבען דאָ אויסגעבויט אַ גאַנצע רייה יודישע קוואַרטאַלען. חוץ דעם האָבען אויך די יודען דאָ אויפגעשטעלט זעהר פיעל פערשידענע אינסטיטוציעס, ווי שולען, שפּיטאָלען און אויך שענע פּריוואַטע הייזער אין פערשידענע טיילען פון דער נייער שטאָדט.

ניִשט קוקענדיג דערויף, וואָס ירושלים איז די גרעסטע שטאָדט פון ארץ־ישראל, פעהלען נאָך איהר זעהר פיעל מאָדערנע איינריכטונגען. קיין וואַסער לייטונג האָט ירושלים ניִשט. צום טרינקען ווערט בענוצט דאָס וואַסער פון גרויסע ציסטערנען, וועלכע זענען שוין אין אַלטערטום צו דעם צוועק אויסגעבויט געוואָרען. די ציסטערנען געפינען זיך אין דער שטאָדט (אין קריסטליכען קוואַרטאַל געפינט זיך אַ גרויסער באַסיין, געבויט לויט דער לעגענדע פון מלך חזקיהו) און אויך נעבען איהר. חוץ דעם געפינט זיך כמעט אין יעדען הויף אַן אייגענע ציסטערנע, וואו מען קלייבט־אָן איבער׳ן ווינטער רעגען־וואַסער אויפ׳ן גאַנצען יאָהר. מען ברענגט אויך וואַסער פון די קוואַלען אין דער אומגעגענד פון דער שטאָדט*).

ירושלים בעזיצט זעהר פיעל קולטורעלע געזעלשאַפטען און וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען. דאָ געפינען זיך אייניגע צעהנדליג ישיבות, ביז 12 תלמוד־תורות (10 אַשכנזי׳שע און 2 ספרד׳ישע), זעהר פיעל חדרים, יודישע נידריגע און מיטעל־שולען פאַר יונגלעך און מיידלעך, פערשידענע פאַך־שולען, אַ שולע פאַר בלינדע, אַ לעהרער־סעמינאַריום, די בעריהמטע קונסט־שולע „בצלאל״ און אַנד. צו די וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס געהערען: דאָס שפּיטאָל פון באַראָן ראָטשילד, דאָס שפּיטאָל „ביקור חולים״, שפּיטאָל „שערי־צדק״ אַ „מושב־זקנים״ און נאָך פיעל אַנדערע שפּיטאָלען און וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס. פון די

---

*) לעצטענס אין דער מלחמה האָט מען אין ירושלים דורכגעפיהרט וואַסער־לייטונג.

געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס געפינען זיך דאָ: די צענטראַל־ביבליאָטעק „בית-נאמן", אַ פאָלקס-הויז — בית-עם, אַ היסטאָרי־שער מוזעאום ביי דער שולע „בצלאל" און פיעל אַנדערע. לעצטענס איז אין ירושלים געלייגט געוואָרען דער גרונד-שטיין פון אַ יודישען אוניווערזיטעט.

חוץ די יודישע אינסטיטוציעס געפינען זיך אין ירושלים אויך פיעל פערשידענע קריסטליכע געזעלשאַפטליכע און קולטו־רעלע אַנשטאַלטען. די קריסטען בעזיצען פיעל זעהר-גוט-איינגעאָרדענטע שפיטאָלען, פשיטולקעס, ביבליאָטעקען, מוזע־אומס, פערשידענע אינסטיטוציעס פאַר דער ערפאָרשונג פון לאַנד א. ד. גל.

דער גרעסטער טייל פון דער ירושלים'ער בעפעלקערונג זענען יודען (איבער $60^0/_0$). דער גרעסטער טייל פון זיי לעבט פון חלוקה, וועלכע קומט-אָן אין גרעסערע סומען (ביז 3 מיל־יאָן רובל יעהרליך) פון פערשידענע גלות-לענדער. חוץ דעם פערנעהמען זיך די יודען אויך מיט פערשידענע פאַכען און האַנדעל. דער האַנדעל איז זעהר ענטוויקעלט אין ירושלים. אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון האַנדעל און האַנדווערקעריי, האָבען די טויזענדער טוריסטען און עולי-רגל (17,000 מאַן אין יאָהר 1909), וועלכע בעזוכען יאָהר־יעהרליך די שטאָדט און קויפען דאָ פערשידענע קליינינקיי־טען, אַלס אַנדענקונג פון לאַנד. וואוינענדיג אין שטאָדט גיבען זיי אַ סך צו פערדינען דער אָרטיגער בעפעלקערונג. פיעל איינ־וואוינער פערדינען אַלס דאָלמעטשער, פיהרער און האָטעל־אייגענטימער.

אין דער אומגעגענד פון ירושלים געפינט זיך זעהר פיעל אָנדענקונגען פון דער יודישער אַלטער געשיכטע. באַלד צו מזרח פון דער שטאָדט, ביי די פיס פון הר הזיתים, געפינט זיך אַ גרויסע געביידע, אויסגעהאַקט פון איין גרויסען פעלז, וועלכע טראָגט דעם נאָמען יד-אבשלום. צו דרום פון איהר געפינט זיך אַ צווייטע גרויסע געביידע, אויסגעהאַקט פון איין מאָנאָליט — „מצבת זכריה". חוץ דעם געפינען זיך אין דער אומגעגענד פון ירושלים נאָך פיעל אַנדערע קברים פון פערשידענע יודישע היסטאָרישע פערזענליכקייטען, אַ סך הויילען, פון וועלכע יעדע

איז פֿערבונדען מיט דער אָדער אַנדערער פּערזאָן אָדער היס־טאָריש געשעהעניש. צו די בעריהמטסטע געהערען: דער קליי־נער לאַבירינט (די הייל פֿון די נביאים חגי, זכריה און מלאכי) מיט פֿיעל גענג און צימערן, די היילען פֿון מלכי בית דוד („קברות מלכי בית דוד"), דער קבר פֿון שמעון הצדיק און פֿיעל אַנדערע.

אין דער אומגעגענד פֿון ירושלים זענען לעצטענס גע־גרינדעט געוואָרען איינינע יודישע קאָלאָניעס, צו זיי געהערען:

מ ו צ א, צו צפֿון פֿון ירושלים אויפ'ן שאָסעע ירושלים־יפֿו. אַ קליינע קאָלאָניע (די קלענסטע פֿון אַלע) פֿון 1100 דונאַם און מיט 40 איינוואוינער. זייער הויפּט־בעשעפֿטיגונג איז וויין־און זיתים־פּלאַנטאַציעס, ווי אויך מילך־ווירטשאַפֿט. אין מוצא געפֿינט זיך אַ צעדער־בוים געפּלאַנצט דורך ד"ר הערצל אין יאָהר 1898, ביי וועלכען עס פֿערזאַמלען זיך יעדעס יאָהר די יודישע קאָלאָניסטען, כדי צו בעעהרען דאָס אָנדענקען פֿון דעם גרויסען פֿיהרער.

ב י ר נ ב ל ה — אַ קאָלאָניע צו צפֿון פֿון ירושלים פֿון 1,800 דונאַם. נאָך נישט בעאַרבייט.

ע ר ת ו ף. צו מערב פֿון ירושלים אויף דער באַהן־ליניע ירושלים־יפֿו; געגרינדעט אין יאָהר 1896 דורך אַ בולגאַרישען יודען; האַלט 4,700 דונאַם באָדען, מיט 70 איינוואוינער. זייער הויפּט־בעשעפֿטיגונג איז מאַנדלען־פּלאַנטאַציעס, ערד־אַרבייט און מילך־ווירטשאַפֿט. אין קאָלאָניע געפֿינט זיך אַ שולע.

כ פ ר ־ א ו ר י ה. אַ פֿערמע צו צפֿון מערב פֿון ערתוף, געגרינדעט אין 1912 יאָהר. האָט ביז 4,800 דונאַם באָדען, מיט 20 איינוואוינער. זייער הויפּט בעשעפֿטיגונג איז פּלאַנ־טאַציעס פֿון זיתים און מאַנדלען.

ח ו ל ד ה — אַ פֿערמע פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד צו צפֿון פֿון כפֿר אוריה. האָט ביז 1,900 דונאַם באָדען, פֿון זיי איז אויף 800 דונאַם געפּלאַנצט דער „יער־הרצל". די צאָהל איינוואוי־נער דערגרייכט ביז 50 מאַן. זייער הויפּט־בעשעפֿטיגונג איז פּלאַנטאַציעס פֿון מאַנדלען און זיתים.

אַ ב ו ש ו ש אַ. אַ קאָלאָניע פֿון 7,000 דונאַם צו צפֿון פֿון חולדה. נאָך נישט בעאַרבייט.

**בן שמן** — א פערמע פון נאציאנאל-פאנד, נישט ווייט פון לוד. געגרינדעט אין יאהר 1906, האט איבער 2,300 דונאם מיט 120 איינוואוינער, זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז מילך-ווירטשאפט, זיתים און מאנדלען-פלאנטאציעס. אין בית-שמן געפינט זיך א זייף-פאבריק און א קאלאניע פון בצלאל-ארבייטער.

**לוד און רמלה** — צוויי שטעדט אויף דער באהן-ליניע יפו-ירושלים.ביידע זענען זיי ארומגערינגעלט מיט פרעכטיגע זיתים-גערטנער. לוד האט ביז 9,000 איינוואוינער און פיעל זייף-און פוטער-פאבריקען. זי דינט אלס הויפט-האנדעלס-צענטר פאר אלע ארומיגע דערפער. רמלה האט אויך ביז 9000 איינוואוינער, הויפטזעכליך מוסולמענער.

**יפו.** די צווייטע גרויסע שטאדט אין יהודה, ווי אויך אין גאנץ ארץ-ישראל. האט ביז 50,000 איינוואוינער (30,000 מוסולמענער, 10,000 יודען און 10,000 קריסטען). יאהר-יעהרליך פאהרען אדורך דורך יפו ביז 20,000 עולי-רגל אין פערשידענע שטעדט און הייליגע ערטער פון ארץ-ישראל. יפו געהערט צו די גרעסטע האנדעלס-שטעדט פון לאנד. די הויפט-פראדוקטען פון עקספארט זענען: זייף, סעזאם, פאמעראנצען, ציטרינען, וויין און אייל. דער אימפארט בעשטעהט הויפטזעכליך פון מאנופאקטור-סחורות, גאלאנטעריע, קאווע, טאבאק, רייז, צוקער, נאפט, פערשידענע בוי-מאטעריאלען און אנד. אין יפו געפינען זיך פיעל יודישע קולטורעלע און געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, א העברעאישע גימנאזיום, א פרויען-לעהרער-סעמינאריום, 3 קינדער-גארטענס, א יודישע מעדיצינישע געזעלשאפט, ספארט-געזעלשאפט, מוזיק-שולע און נאך פיעל אנדערע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס. דא געפינט זיך אויך אן אינפארמאציאנס-ביורא פאר די, וואס קומען אן אין לאנד. די לעצטע צייט איז אין יפו ענטשטאנען א ספעציעלער יודישער קווארטאל תל אביב.

אין דער אומגעגענד פון יפו געפינען זיך זעהר פיעל יודישע און איניגע דייטשע קאלאניעס*) צו זיי געהערען:

*) די דייטשע קאלאניעס זענען נאך דער ענגלישער אקופאציע פערלאזען געווארען דורך די קאלאניסטען און פערקויפט געווארען צו יודען.

פתח-תקוה, די גרעסטע און אַם בעסטען איינגעאָרדענטע יודישע קאָלאָניע אין ארץ-ישראל, איז געגרינדעט אין 1878 יאָהר דורך איינציגע ירושלים׳ער יודען. האָט ביז 24,000 דונאַם באָדען און ביז 3000 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז: פלאַנטאַציעס פון וויין, מאַנדלען, זיתים, אייקאַליפטוסען, ווי אויך ערד-אַרבייט. די קאָלאָניסטען זענען פעראייניגט אין אַ סינדיקאַט „פרדס". פתח-תקוה האָט 2 שולען, אַ קינדער-גאָרטען, אַ ביבליאָטעק, אַ מוזיקאַלישע געזעלשאַפט, אַ פּאָסט-אָבטיילונג, אַ קרעדיט-געזעלשאַפט. באַלד צו צפון פון פתח-תקוה ליעגט אַ קליינע אַרבייטער-קאָלאָניע עין-גנים.

שרונה. אַ דייטשע קאָלאָניע צו צפון-מזרח פון יפו. געגרינדעט אין יאָהר 1871 דורך דעם דייטשען אָרדען „Tempel-Gemeinde" (*) די קאָלאָניע האָט 8000 דונאַם באָדען מיט 225 איינוואוינער. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט מילך-ווירטשאַפט, וויינגערטנעריי, גדול-ירקות און פּאָמעראַנצען-פלאַנטאַציעס. זיי פיהרען אַ גרויסען האַנדעל מיט יפו מיט מילך-פּראָדוקטען, וועלכער ברענגט זיי אַ גרויסען איינקונפט.

„ילהלמה. אַ צווייטע גרויסע דייטשע קאָלאָניע צו מזרח פון יפו; האָט 1000 דונאַם באָדען און 230 איינוואוינער, געגרינדעט אין יאָהר 1902 אויף דעם נאָמען פון קייזער ווילהעלם II. די הויפט-בעשעפטיגונג פון די קאָלאָניסטען איז מילך-ווירטשאַפט, גערטנעריי און פּאָמעראַנצען-פלאַנטאַציעס.

מקוה-ישראל. אַ יודישע לאַנדווירטשאַפטליכע שולע צו דרום-מזרח פון יפו. געגרינדעט אין יאָהר 1870 דורך „Allience Israelite" לויט דער איניציאַטיוו פון קאַרל נעטטער. די שולע האָט 2612 דונאַם באָדען. די הויפט-קולטורען זענען וויין-און פּאָמעראַנצען-פלאַנטאַציעס, מילך-ווירטשאַפט, גדול-ירקות און גערטנעריי. ביי דער שולע געפינט זיך אַ מוסטער-קאָלאָניע, אַ כעמישעס לאַבאָראַטאָריום און אַ פאַך-ביבליאָטעק. דער קורס איז אַ 5-יעהריגער. די צאָהל שילער דערגרייכט ביז 100. נאָך דעם ענדיגען אָרדנען זיך די שילער איין אין די יודישע קאָלאָניעס.

ראשון-לציון—אַ גרויסע קאָלאָניע צו דרום פֿון יפֿו ניִשט ווייט פֿון ים-ברעג, ביי די פֿיס פֿון די זאַמד-דיונען. איז געגרינדעט אין יאָהר 1882 דורך די „ביל׳צעס“. האָט יעצט איבער 11000 דונאַם באָדען און אַ בעפֿעלקערונג פֿון אונגעפֿעהר 1500 איינוואוינער. זייער הויפּט-בעשעפֿטיגונג איז פּלאַנטאַציעס פֿון וויין, מאַנדלען און פּאָמעראַנצען. ראשון-לציון איז דער צענטער פֿון וויין-פֿאַבריקאַציע אין ארץ-ישראל. דאָ געפֿינט זיך אַ גרויסער וויין-קעלער, וועלכער ווערט פֿעררעכענט צו די גרעסטע וויין-קעלערס אין דער וועלט. די קאָלאָניע בעזיצט אַ שולע פֿאַר קינדער, אַ קינדער-גאָרטען, אַ שוהל, אַ ביבליאָטעק, אַ פֿאָלקס-הויז, אַ שפּיטאָל, אַנ׳אַפּטייק, פּאָסט, אַ געזעלשאַפֿט פֿון געגענזייטיגען קרעדיט און וואַסער-לייטונג.

באר-יעקב. אַנ׳אַרבייטער-קאָלאָניע צו דרום פֿון ראשון-לציון. האָט ביז 2000 דונאַם באָדען. די הויפּט-בעשעפֿטיגונג פֿון די איינוואוינער איז מאַנדעל-פּלאַנטאַציעס און אַרבייט אין ראשון-לציון. געגרינדעט אין 1908.

ואדי—חנין (נס ציונה)— ניִשט ווייט פֿון באר-יעקב. אַ קליינע קאָלאָניע פֿון אונגעפֿעהר 2800 דונאַם באָדען מיט אַ בעפֿעלקערונג פֿון 200 מאַן. געגרינדעט אין יאָהר 1882 דורך רוסישע יודען. די הויפּט-בעשעפֿטיגונג פֿון די קאָלאָניסטען איז פּאָמעראַנצען, וויין און מאַנדלען-פּלאַנטאַציעס. די קאָלאָניע האָט אַ שולע און אַ קינדער-גאָרטען.

רחובות—אַ גרויסע קאָלאָניע צו דרום פֿון ואַדי-חנין. געגרינדעט אין יאָהר 1910 דורך איינציגע קאָלאָניסטען פֿון ראשון-לציון און ואַדי-חנין, ווי אויך דורך דער וואַרשאָווער געזעלשאַפֿט „מנוחה-ונחלה“. די קאָלאָניע האָט איבער 14000 דונאַם באָדען און אַ בעפֿעלקערונג פֿון איבער 1000 איינוואוינער, צווישען זיי אויך 50 תימנ׳ער פֿאַמיליעס, וועלכע זענען דאָ בעשעפֿטיגט אַלס אַרבייטער און הויז-בעדינער. די הויפּט-בעשעפֿטיגונג פֿון די איינוואוינער איז פּלאַנטאַציעס פֿון וויין, פּאָמעראַנצען, מאַנדלען און זיתים. די קאָלאָניע האָט 2 גרויסע וויינ-קעלערס, אַ ביבליאָטעק, אַ שולע, אַ קינדער-גאָרטען, אַ תלמוד-תורה, אַ פֿאָלקס-הויז ווי אויך וואַסערלייטונג. יעדען יאָהר פּסח-צייט ווערען אין רחובות איינגעאָרדענט ספּאָרט-און אַנדערע

פֿערוויילונגען, אויף וועלכע עס קומען זיך צונויף פֿיעל אַרביי־טער, קאָלאָניסטען און אַנדערע יודען פֿון פֿערשידענע אַרומיגע קאָלאָניעס און שטעדט.

עקרון—אַ גרויסע קאָלאָניע צו דרום פֿון רחובות, געגרינ־דעט אין יאָהר 1884 דורך באַראָן ראָטשילד פֿאַר די געווע־זענע קאָלאָניסטען פֿון רוזשאַן (גראָדנער גוב). די קאָלאָניע בעזיצט איבער 12700 דונאַם באָדען און האָט אַ בעפֿעלקע־רונג פֿון כמעט 350 מאַן. זייער הויפּט-בעשעפֿטיגונג איז ערד־אַרבייט, מילך-ווירטשאַפֿט, זיתים-און מאַנדלען-פּלאַנטאַציעס. די קאָלאָניע האָט אַ שולע פֿאַר קינדער, אַ קינדער-גאָרטען, אַ תלמוד-תּורה, אַן׳אַפּטייק, אַ געזעלשאַפֿט פֿון געגענזייטיגען קרע־דיט און אַ פֿאַבריק פֿון קאָראָנקעס.

גדרה (קאַטראַ)—ליעגט צו דרום פֿון עקרון, געגרינדעט אין יאָהר 1884 דורך די „בילו׳צעס". די קאָלאָניע האָט אי־בער 5600 דונאַם באָדען און ביז 200 איינוואוינער. כמעט אַלע קאָלאָניסטען פֿון גדרה זענען מענשען מיט העכערע ביל־דונג, געקומענע פֿון רוסלאַנד. זייער הויפּט-בעשעפֿטיגונג איז ערד-אַרבייט און פּלאַנטאַציעס פֿון וויין און מאַנדלען.

באר טוביה (קאַסטיניאַ). געגרינדעט אין יאָהר 1887 דורך ראָטשילד׳ען פֿאַר די יודישע קאָלאָניסטען פֿון בעסאַראַב־יען. יעצט איז עס אַן׳אַרבייטער-קאָלאָניע מיט איבער 5600 דונאַם באָדען און 150 איינוואוינער. זייער הויפּט-בעשעפֿטיגונג איז ערד-אַרבייט, ווי אויך מאַנדלען-פּלאַנטאַציעס. די קאָלאָניע האָט אַ שולע פֿאַר קינדער און אַ געזעלשאַפֿט פֿון געגענזייטיגען קרעדיט.

עזה. אַ גרויסע און אַלטע שטאָדט אויף דעם ברעג פֿון מיטעללענדישען ים. האָט ביז 40000 איינוואוינער כמעט אויסשליסליך מחמד׳אַנער. זייער הויפּט-בעשעפֿטיגונג איז גערט־נעריי און וועבעריי, ווי אויך פֿאַבריקאַציע פֿון זייף און פּוטער. אין שטאָדט געפֿינען זיך זעהר פֿיעל זייף-און פּוטער-פֿאַבריקען די אומגעגענד פֿון עזה איז רייך אין גערשטען-פֿעלדער. דער גערשטען ווערט אין גרעסערע מאַסען עקספּאָרטירט קיין אויס־לאַנד, וואו מען אַרבייט פֿון איהם אויס ביער. צו מזרח פֿון עזה געפֿינט זיך די אַם ווייטסטען צו דרום ליעגענדע יודישע

קאָלאָניע רוחמה.

רוחמה. געגרינדעט אין יאָהר 1911, האָט 6000 דו-נאַם באָדען און ביז 30 איינוואוינער. זייער הויפּט-בעשעפטי-גונג איז מאַנדלען-פּלאַנטאַציעס.

באר-שבע. אַ נייע שטאָדט אין דרום-ארץ-ישראל. ליעגט אויף די חרבות פון דער אַמאָליגער באר-שבע. זי דיענט אַלס שוק פאַר די בעדואינער פון מדבר. האָט איבער 1000 איינוואוינער.

חברון. אַ גרויסע שטאָדט אין דרום-יהודה. האָט אונגע-פעהר 30000 איינוואוינער. פון זיי ביז 1500 יודען. דאָ געפינען זיך 4 בתי-תפילה, 4 בתי-מדרשים, 3 ישיבות און 5 תלמוד-תורות. דער גרעסטער טייל פון דער יודישער בעפעל-קערונג לעבט פון „חלוקה". די הויפּט - בעשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז בעאַרבייטונג פון פעל און אויסאַרבייטונג פון פערשידענע גלאָז-שמוק-זאַכען, ווי אויך דער האַנדעל מיט זיי מיט די בעדואינער פון מדבר. אין דער אומגעגענד פון חברון געפינט זיך די בעריהמטע „מערת המכפלה", וואו עס געפינען זיך די קברים פון אברהם, יצחק און יעקב. דאָרט געפינען זיך אויך פיעל אַנדערע קברים פון פערשידענע יודישע היסטאָרישע פערזענליכקייטען.

בית-לחם (ווייפלעעם) — ליעגט 8 קילאָמעטער צו דרום פון ירושלים אין זעהר אַ פרוכטבאַרער געגענד; האָט ביז 16000 איינוואוינער הויפּטזעכליך קריסטען (15500 קריסטען 500 מוסולמענער). זייער הויפּט-בעשעפטיגונג איז פאַבריקאַציע פון פערשידענע קליינינקייטען, וועלכע ווערען פערקויפט אַלס היילינטימער און אַנדענקונגען פון ארץ-ישראל. די אומגעגענד פון בית-לחם איז זעהר פרוכטבאַר, גוט בעאַרבייט און בעדעקט מיט פיעל מאַנדלען-וועלדער. נעבען בית-לחם געפינען זיך זעהר פיעל קריסטליכע טעמפּלען, קלויסטערס און מיסיאָנערען-הייזער באַלד צו צפון פון דער שטאָדט געפינט זיך דער בעריהמטער רחל׳ס קבר, די שליסלען פון וועלכען ס׳געפינען זיך אין יו-דישע הענד.

יריחו. אַ באַליגע גרויסע און רייכע שטאָדט, נישט ווייט פון אונטערשטען לויף פון ירדן. יעצט אַ שטעדטעל מיט אַ

אָרימער שמוציגער בעפעלקערונג (2000 מאַן). זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט ווי אויך פלאַנטאַציעס פון טאַבאַק און בוימוואָל. אין יריחו געפינען זיך איינציגע האָטעלען פאַר טוריסטען. די אומגעגענד איז רייך אין חורבות פון פערשידענע אַמאָליגע איינריכטונגען.

§ 60 דער גולן. נעהמט אַרום די געגענד צו צפון פון ירמוק. דאָס איז נאָך זעהר אַ ווילדע געגענד מיט אַ קליינער צאָהל בעפעלקערונג. קיין גרעסערע שטעדט איז אין גולן אינגאַנצען נישטאָ. די הויפט-פונקטען פון גולן זענען:

קנטרה. די גרעסטע שטאָדט פון גולן מיט 2000 איינוואוינער, הויפטזעכליך טשערקעסען. די שטאָדט בעזיצט אַ טעלעגראַף-סטאַציע.

כספי (כפר על מאַ). אַ דאָרף אין דרום-גולן מיט פיעלע חורבות אין דער אומגעגענד. אין גולן געפינט זיך איין יודישע קאָלאָניע בני-יהודה אויף דעם מזרח-ברעג פון ים כנרת. זי איז געגרינדעט אין יאָהר 1886 דורך יודען פון צפת. די קאָלאָניע האָט 3500 דונאַם באָדען און ביז 50 איינוואוינער. זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט.

§ 61. דער חורן, פערנעהמט דעם צפון-מזרח-טייל פון ארץ-ישראל צו צפון-מזרח פון טייך ירמוק. דער גרעסטער טייל פון דער געגענד איז זעהר פרוכטבאַר און דערפאַר פערהעלטניסמעסיג גוט בעפעלקערט. די אָרטיגע בעפעלקערונג ליידט זעהר פיעל פון די אָנפאַלען פון די בעדואינער, וועלכע קומען אָפט אָן מאַסענוויז פון מדבר. די וויכטיגסטע פונקטען פון חורן זענען:

שיך-סעד, אין מערב-טייל פון חורן, א גרויס דאָרף מיט פיעל חורבות.

מזיריב. אַ שטעדטעל אויף דער באַהן-ליניע דמעק-אדרעי פון 2500 איינוואוינער, אַלע מוסולמענער. דאָ פערזאַמלען זיך פיעל עולי-רגל, וועלכע געהן קיין דמשק. אין זיין אומגעגענד געפינען זיך פיעל חורבות.

אדרעי (דעראַאַ). די גרעסטע שטאָדט פון חורן מיט 5000 איינוואוינער. די הויפט-סטאַציע פון דער באַהן-ליניע דמשק-מעקאַ.

(אין חורן געפינען זיך קיין יודישע קאָלאָניעס נישט, דאָ

געפינט זיך אָבער יודישע ערד אין דער אומגעגענד פון דער שטאָדט גולן—גלין (דזשילין). דאָס איז אַ שטח פון אונגעפעהר 70000 דונאַם, זעהר אַ פרוכטבאַרער און גוט-בעוואַסערטער. געהערט צו ראָטשילד'ן. צוליעב דער אונזיכערהייט פון אַר-בייט, צוליעב די אָפטע אָנפאַלען פון די בעדואינער, האָט זיך דאָרט נישט געגרינדעט קיין קאָלאָניע און די ערד איז פער-פאַכטעט געוואָרען די פעלאַכען. אַ צווייטער שטח ערד פון 25000 דונאַם געפינט זיך צוד רום-מערב פון דמשק, געהערט צו ראָטשילד'ן).

§ 62 דער גלעד נעהמט אַרום די גאַנצע געגענד פון ירמוק ביז צום טייך ארנון. ער איז נאָך זעהר ווייניג בעזעצט און בעאַרבייט. די הויפט-פונקטען פון גלעד זענען:

ארביד. אַ שטעדטעל אין צפון-גלעד פון 2000 איינ-וואוינער. די הויפט-שטאָדט פון צפון-גלעד.

אם קעיס. אַ דאָרף אין צפון = גלעד. ליעגט אויף דעם אָרט פון אַמאָליגען גדר. אין זיין אומגעגענד געפינען זיך הייסע קוואַלען אל-חמי ווי אויך פיעל חורבות.

גרש (דזשעראַש). אַ גרויסע טשערקעסען - קאָלאָניע פון 1500 איינוואוינער. ליעגט צו צפון פון יבוק אויף דעם אָרט פון אַמאָליגען גרש. געבורטס-אָרט פון שמעון בן גיורא.

אסלט. די גרעסטע שטאָדט פון גלעד צו דרום פון יבוק מיט 12000 איינוואוינער (8500 מוסולמענער און 3500 קריסטען). זייער הויפט-בעשעפטיגונג איז ערד-אַרבייט, וויינ-גערטנעריי, אויסאַרבייטונג פון ראָזינקעס און האַנדעל מיט די בעדואינער. די אומגעגענד איז גוט בעוואַסערט און זעהר פרוכטבאַר. א-סלט ליעגט אויף דעם אָרט פון אַמאָליגען רמות-גלעד.

§ 63 דער עמון נעהמט אַרום די געגענד צו דרום-מזרח פון גלעד אויף דער גרעניץ מיט דעם מדבר. דאָס איז אַ וויסט ווייניג בעפעלקערט און בעאַרבייט לאַנד. די גרעסטע שטאָדט איז דאָ עמון. דאָס איז אַ שטעדטעל אויף דער באַהן-ליניע דמשק—מעקאַ מיט 1500 איינוואוינער. עס ליעגט אויף דעם אָרט פון דער אַמאָליגער רבת-עמון. אין זיין אומגעגענד געפינען זיך פיעל חורבות פון אַלטערטום.

64 § דער מאָב נעהמט אַרום די גאַנצע געגענד צו דרום פון טייך אַרנון. דאָס איז אַ פּרוכטבאַרע געגענד פֿער־העלטניסמעסיג גוט בעוואַסערט, זי איז אָבער וועניג בעפֿעל־קערט. דער וויכטיגסטער פונקט פון מואב איז: קיר מואב (קעראַק), די הויפט־שטאָדט פון מואב און די גרעסטע שטאָדט אין גאַנץ מזרח־ארץ־ישראל מיט 21000 איינוואוינער (18000 מוסולמענער און 3000 קריסטען). זייער הויפט־בעשעפטיגונג איז ערד־אַרבייט און האַנדעל מיט די בעדואינער פון מדבר. די שטאָדט ליעגט אויף אַ הויכען באַרג, פון וועלכען ס׳עפֿענט זיך אַ בילד אויף דעם ים המלח און ירושלים.

